## די לעצטע — די ערשטע ווערן

*

**רבקה קוויאַטקאָווסקי־פּנחסיק**

פאר די ביבליאטעק
פון יידישן [illegible]
[illegible]
רבקה קוויאטקאווסקי - פינחסיק
[illegible] 29-[illegible]-1981

מײַנע איבערגעגעבענע פֿרײַנד
**יהודית** און **אברהם לערנער,**
װעלכע האָבן מיר צוגעטײלט אַ
„פּרײַז פֿון אַ לײענער" און
סטימולירט דאָס בוך אַרױסצוגעבן —
אַ דאַנק.

**רבקה קװיאַטקאָװסקי־פּנחסיק**

Rivka Kwiatkowski-Pinchasik

# DI LETZTE —
# DI ERSTE WERN
POEMS

רבקה קוויאַטקאָווסקי־פּנחסיק

# די לעצטע — די ערשטע ווערן
לידער און פּאָעמעס



פאַרלאַג „אַליין" חיפה, 1980

דפוס „יד החמשה" — כפר חב"ד

## אַ תּפילה פון אַ געטאָ־ייִד

גרויסער גאָט,
וואָס האָסט געקאָנט
פון דער לערקייט
באַשאַפן די וועלט,
פון אַלע באַשעפענישן
מיך דערהויבן
צו דער הויכקייט
פון אַ גלויבן,
געבענטשט
מיט דעם נאָמען
מענטש —
הער־אויס מיין געבעט:

איך בין אַ געטאָ־ייִד —
פאַרטריבן, איינזאַם און מיד.
מיין האַרץ איז צעריסן און לער,
איך האָב קיין תּפילות מער.
הער־אויס מיין איינציק געבעט
און נעם פון מיר צו
פון מענטש דעם נאָמען.

נעם פון מיר צו
די פאַרפייניקטע נשמה,
עס זאָל זי ניט פרעסן,
נישט נאָגן דער אומעט.

נעם פון מיר צו
דאָס באַנעמען פון מיין אויער,
איך זאָל נישט הערן דאָס געוויין
פון יעדער געטאָ־מויער.

נעם פון מיר צו מיין בליק,
איך זאָל נישט זען
די דראָטן, די בריק —
ווי מיינע ברידער ווערן געטריבן, געיאָגט,
ווי מיר פאַלן, ווי מיר זינקען פון טאָג צו טאָג,
און פאַרוואַנדל מיך, גאָט,
אין אַן אָקס, אין אַ פערד, אין אַ הונט!

איך וויל זיין אַן אָקס, אָדער אַ פערד,
אין שפּאַן אַקערן די ערד,
און האָבן אַ ווערט,
אַ ווערט!

איך וויל זיין אַ פערד, אָדער אַן אָקס,
במנוחה קייען דאָס גראָז,
נישט וויסן, אַז עפּעס בעסערס איז דאָ
און האָבן רו,
רו!

איך וויל זיין אַ הונט,
דיינע שונאים צערייסן, צעבייסן
מיט די ציין,
נישט לאָזן קיין אבר,
קיין ביין.
גרויסער גאָט,
מאַך פון מיר
וואָס דו ווילסט:
גאָרנישט — אָדער אַלץ.

צעשיט איבער דער וועלט אין זאַמד,
באַגראָב אין דער ערד, אין זאַלץ,
פאַרוואַנדל מיך אין אַ שטיין —
נאָר אַ מענטש,
אַ מענטש קאָן איך מער נישט זיין!

## פיס

פים מידע טשלאָפּען, גייען און זיך רוקן,
פים וואַקלדיקע קלעטערן איבער בריקן.
פים וואָס גוססן, קוים אויף דער ערד זיך שלעפּן,
פים פאַרחלשטע, שלעפּן זיך איבער טרעפּן.

פים — אַ בינט פון ביינער אויסגעטריקנטע,
פים אָנגעטאָן אין קלומפּערס, אין שמאַטעס געוויקלטע,
פים שווערע ווי קלעצער, מיט געשווילעכץ אָנגעלאָפן,
פים וואָס היילן זיך מיט שאָלעכץ פון קאַרטאָפל.

פים וואָס קוים נאָך צאַנקען און קוים זיך באַוועגן,
פים וואָס ברעכן זיך און קלאַמערן אין לעבן,
פים פון גופים האַלב-טויטע מיט פּנימער בלאַסע,
פים, פים, — שלעפּן זיך איבער אַלע געטאָ-גאַסן.

## מיד

מיד הענגט דער הימל איבער אונזערע קעפּ,
מיד שפּינט די צייט איר גרוי געוועב,
מיד שלעפּן מיר די לאַסט פון די טעג
און זעען נישט קיין טרייסט אויף דעם וועג.

מיד שפּאַנען פיס באַגינען אויף בריקן,
מיד טרייבט דער הונגער דאָס ראָד פון פאַבריקן,
מיד און פאַרפייניקט קוקן די אויגן,
מיד קלאַפּט דאָס האַרץ אָן האָפענונג, אָן גלויבן.

מיד ביז צום אומקום — דאָס געטאָ אָרום,
מיד און פאַרפייניקט שווייגן מיר שטום,
מידקייט און גרויקייט זיך פלעכטן אין צעפּ —
מיד הענגט דער הימל איבער אונדזערע קעפּ...

## געטאָ־לאָדזש

שטעכלדראָטן, בריקן הויכע,
געלע לאַטעס, שאַנד און שרעק,
שוואַרצע וואָגנס פול מיט טויטע,
פּוסטע, לאַנגע, הונגערטעג.

גרוי דער הימל, קאַלט פאַרשלאָסן,
ברענגט דער ווינט פון וועלט קיין גרוס,
אַלע טרערן שוין פאַרגאָסן,
האָפן? גלויבן? — אַלץ אומזיסט.

נאָר די ערד איז גוט און וואַרעם,
ציט די הענט אויס מאַמעדיק,
זי איינע איז גרייט צו געבן,
אַ היים פאַר יעדן געטאָ־ייִד.

## „פעטס"

אין אונדזער געלער מדינה
אַ שׂמחה, אַ גדולה:
נישט ווייט פון דעם שטעכלדראָט
אין דער שטאָט,
איז צום טויט פאַרמאַטערט
געפאַלן אַ פערד,
צו דער ערד.

האָט מען אים גלייך דערשאָסן,
מיט פריש וואַסער באַגאָסן,
אין אַ רויִק-שטילער נאַכט
אין געטאָ אַריינגעבראַכט.
באַגינען
האָט אַ פּלאַקאַט זיך צעזונגען:
פון אַ נייער ראַציע שפּייז,
גוטע ביינער,
פרישע וואָרשט,
און פעט פלייש.

פאַר נאַכט
ביי אַ פענצטער וואַקסט אַ רייע,
מענטשן פּאַקן זיך און שרייען.
פּיִם צעטרעטן,
בייכער קנעטן,
שטויסן, פּאַקן זיך און דריקן,
שלינגען הונגעריקע שלוקן,
אַ נייע האָפענונג איז אויפגעקומען,
נאָך אַ טאָג איבערצוקומען...
מ׳טיילט לעבנס-וויטאַמינען —

ווייסלעך, קאַלעך, אייזן, פּעטס —
און דאָס אַלץ ליגט
אין אַ יאַטקע אויף אַ קלאָץ,
אין אַן אַלטן פערד,
פון דער שטאָט לאָדזש
וואָס איז מיד, פאַרמאַטערט,
געפאַלן פון וואָגן
צו דער ערד.

# די ״פּעקאַליע־פּרוי״

די נאַכט אַנטלויפט מיט לעצטע טריט,
עס צעשווימט די פינצטערניש,
שטאַרבט שוין אָפּ דער לעצטער שטערן,
עס ווערט באַלד טאָגן,
העלער ווערן.

אין א בעט — א טיפע נאָרע,
אויף די רויטע קישנס-בערג
ליגט לאה — א פרוי אַ זמאָרע,
מיט א טראַנטע איבערדעקט.

ביי דעם בעט,
פון דער שאַנק —
שטאַרט
דאָס לעצטע ברעט.
פון דעם פענצטער
צו דער טיר
כּלים, טעלער אָן אַ שיעור
פול מיט קויטיק, בלאָטיק וואַסער,
שימלען ווענט
צעפוילטע, נאַסע.

די פול מיט גרעט געפּאַקטע שטוב,
איז אַ טיפער, פינצטער גרוב.
אויף דעם אייוועלע דעם לאָמען
קאָכט אין טעפּל זיך דער אומעט.

אַלטע פאַנען, עמערס, טעפּ,
ליגן ווי אין האַרבסט די ערד,
לאה איז נישט איצט אַ פרוי,
לאה איז א געטאָ-פערד.

עס איז ווי א מעשׂה
פון טויזנט איין נאַכט:
דער הימל, ווי אַ וואַסער-שפּיגל
די זון שטראַליק צעלאַכט.
אין די וואָלקנס
אַ שטאָלענער פויגל שווימט
און אויף דער ערד
אַ פרוי אַ פערד
אַ וואָגן מיט פּעקאַליע צימ.

א שוואַרץ טוך פאַרדעקט איר קאָפּ,
אין אַ צעריסן מלבוש-שטיק,
אַרומגעבונדן מיט א שטריק,
ביי דער זייט הענגט אַ טאָפּ,
מיט צוואה קאַפּעט, טראָפּט,
שפּאַנט אין האַלצערנע שיך,
א וואָגן מיט פּעקאַליע צימ.

יעדן פרימאָרגן,
ווען עס הייבט אָן צו טאָגן
גייט לאה אין שפּאַן
ביים פּעקאַליע-וואָגן.
דרייען זיך די רעדער,
ס'קריצן די אַקסן,
די שטיינער
זיי ווילן זיך נישט אונטערגעבן,
פינגער, ווי שפּאָנעס
מיט מיסט באַוואַקסן,
נישט קיין לעבן —
און דאָך אַ לעבן

איבער גאַסן, געסלעך, וועגן,
איבער שנייען, ווינטן, רעגנס,
מיט דעם קאָפּ געצייגט צו דרערד,
ציט אַ וואָגן — אַ פרוי אַ פערד!

נאָר די שוואַרצע אומעט־אויגן
ברענען, ווי צעגליטע קוילן,
מיט נקמה, עקל, האַס,
צאָרן, בושה, כּעס.
איבער שטיינער שלעפּט זיך קוים,
נישט קיין פרוי און דאָך אַ פרוי.

פּלוצעם האָט אַ שטורעם אַרומגענומען
איר פאַרפּייניקטע נשמה.
די זון האָט פון לאַנג באַהעלט דעם טאָג,
נאָר לאה איז געבליבן אין בעט.
אַ קללה שוימט אויף אירע ליפּן:
איך וועל דעם וואָגן מער נישט שלעפּן!
זאָל מען מיך פון געטאָ פאַריאָגן,
איך גיי נישט היינט צום פעקאַליע־וואָגן!

ס'איז פרייטיק היינט,
כ'בלייב אין דער היים,
ס'פענצטער וועל איך ברייט אויפמאַכן,
זאָל אין מיין שטוב די זון זיך צעלאַכן.
איך בלייב אין דער היים...
איך וויל שבת היינט מאַכן!

וואַרפט אַראָפּ פון זיך די דעק,
כאַפּט זיך אויף פון הקדש־בעט,
טראָגט אַראָפּ בערג מיט מיסט, מיט אַש.
שייערט די כלים, רייבט און וואַשט.

דער שוואַרצער דיל האָט זיך צעהעלט,
אַ קילער ווינט טריקנט די ווענט,
דער אויוון פלאַקערט מיט אַ רויטער צונג,
און שטיבל דער ערב־שבת זינגט.

שטייט לאה ביי דעם טיש,
מאַכט פון ריבן שטיקער פיש,
פון דער גאַנצער ראַציע־שפּייז,
אויסגעקאָכט אַ צימעס, פליייש,
פון דעם לעצטן ביסל מעל,
פלעכט אַ חלה־בולקע שנעל.

אין ווינקל ליגט אַ קנויל
פון בוימוואָל צווערן, וואָל,
פלעכט לאה קנייטלעך געשווינד
און שבת־ליכטלעך צינדט.

לאה אָפּגעוואַשן, אויפגעפרישט,
זיצט ביי אַ ווייס־געדעקטן טיש,
מיט אַ שלייער אויפן קאָפּ
אין איר אַלטן יום־טוב־קלייד,
מיט די הענט אויף שוים פאַרלייגט,
און טענהט שולדיק מיט זיך:
שבת... מיין שבת
איך האָב דיך פאַרגעסן צו גיך!
האַלט אין דער האַנט א פאַרקנייטשטע תּחינה
אינעם שטיבל,
אויף איר פּנים,
רוט און שוועבט די שכינה.
פּלוצעם מאַכט זיך אויף די טיר,
אַ שכנה קומט אַריין צו איר,
אַ פאַרשעמטע בלייבט אויף דער שוועל,
און טענהט פאַרחידושט:

לאה, וואָס פאַר אַ נס אין דיין שטוב איז געשען?
ווי פעלט דיר איין מאַכן היינט אַ קידוש?

זי זעצט זיך נישט דרייסט,
ביים וויים-געדעקטן טיש,
באַטראַכט די „חלה", דאָס „פלייש" און די „פיש"
און זאָגט אָן מיט אַ פרייד און בטחון:
שכנטע לאה,
אונדזערע הערצער וועלן זיך ווידער דערפרייען...
עס איז אַרויס אַ ראַציע אַ נייע,
איך זאָג אייך אַ ראַציע — אַ מלכות!
מיט קאַשע, קאַרטאָפל,
מיט אַל דאָס גוטס! עס איז נאָר אַ שאָד,
וואָס אַ שטיכטאָג-טאָג.
ווער ס'איז צו דער אַרבעט
היינט נישט געקומען,
וועט די נייע ראַציע
מן הסתם נישט באַקומען...

רבקה בלייבט זיצן אָן אויגנבליק
און גייט אין איר וואַכעדיקער שטוב צוריק.

בלייבט לאה אַליין און הילפלאָזן טרויער
די הענט פאַרבראָכן אין שטומען באַדויער:
— אַ גאָט!
וואָס האָסטו מיך געשטראָפט אַזוי שטרענג,
אַז איך האָב זיך איין מאָל צום שבת פאַרבענקט?
די אויגן ווערן מיט טרערן פאַרלאָפן —
פאַרלוירן... פאַרלוירן אַ ראַציע קאַרטאָפל!

די לאַנגע, שוואַרצע נאַכט,
אין צער פאַרפיינט, פאַרבראַכט.
באַגינען,
ווען קוים א שטראַל האָט זיך צעהעלט,
האָט לאה אויפגעכאַפּט זיך שנעל
אַראָפּ פון די טרעפּן אין געאייל
און גערעדט צו זיך מיט גאַל :

קבורה־וואָגן, מיין קבורה־וואָגן,
איך וועל ווייטער דיין שווערן לאַסט טראָגן,
דיין צואה וועט מיך אַזוי לאַנג שטיקן און נאָגן
ביז כ׳וועל פאַלן א פאַרסמטע
ביים ראָד פון דיין וואָגן...
אין איינעם אַ טאָג אין מיטן גאַס.

גייט איר אַנטקעגן די זון,
שמייכלט ציטערדיק בלאַס,
ווי אַ מאַמע, וואָס ערשט האָט געבוירן...
און טרייסט ליבלעך און צאַרט :
— אָ לאה, דו האָסט גאָרנישט פאַרלוירן.
נאָך אַ טאָג, אַ חודש, א וואָך,
און איך וועל דיר אויפשיינען נאָך...

## צו דער לבנה

איך דאַנק דיר, גוטע לבנה,
וואס פון דיינע ווייטע וועלטוועגן
יעדן אָוונט אין געטאָ,
קומסטו צו מיר אַנטקעגן.

איך דאַנק דיר, גוטע לבנה,
אז ווען איך שלעפּ זיך פון שאָפּ א היים
איבער די געסלעך א מידע, אַליין,
באַלויכסטו מיין וועג מיט דיין זילבערנער שיין.

איך דאַנק דיר, גוטע לבנה,
אַז אין מיין לאַנגער, שלאָפלאָזער נאַכט,
שיינסט אַריין אין מיין תפיסה
מיט דיין פולער, ליכטיקער פּראַכט.

איך דאַנק דיר, גוטע לבנה,
אַז דו טרייסט מיך אַזוי ליב און צאַרט,
און פליסטערסט פון דיינע הויכן:
— זיי מוטיק, זיי שטאַרק, זיי געוואַגט.

פאַר אַלץ דאַנק איך דיר, גוטע לבנה,
פאַרגיב, אַז מיין ליד איז אַזוי קליין און אָרעם.
איך בין פון דער ערד נאָר א שטויב,
איך זינג פון די געטאָ־קברים.

## צו

פֿאַר וואָס ביסטו געקומען
אין די טעג אין די גרויע
ווען די ערד איז פֿאַרשטיינערט,
און דער הימל אין טרויער?

מיין ליכטיקער חלום,
געבוירן אין אומעט,
אָפּגעהיט אין די טיפֿן
פֿון מיין נשמה.

שלאָף ווייטער
וועק נישט
מיט דורשט
און מיט פֿיבער.

דו ביסט אַזוי גרויס,
ווי דער צער
פֿון אונדזער פֿאַלן,
און אַרום אונדז
נאָר וואַקסן גריבער.
די זון גייט אויס
מיט צאַנקנדע שטראַלן.

## זאָלן מײַנע װערטער...

איך, די לעצטע פֿון די לעצטע,
— װאָס כ׳בין נאָך דאָ געבליבן
אַ לעבעדיקער מת
אין די טויטע שטובן,
מיט װײטיק װי אַ בראַנד,
שרײַב פֿון אונטערגאַנג,
פֿון אַלע ברידער מײַנע.
נאָר קײנעם צו באַװײנען
זענען מײַנע חורבן־לידער.
זאָל דער װײ, װאָס גליט אין מײַן נשמה,
פֿירן צום קאַמף, נקמה,
פֿאַר אַלע געטאָ־ייִדן.

פֿאַר הענט און פֿיס געשװאָלענע,
װי טײגן אויפֿגעקװאָלענע;
פֿאַר פֿינצטערע יאָרן אונטער די קראַטעס;
פֿאַר קינדער־רויב, פֿאַר געלע לאַטעס;
פֿאַר הונגערטעג װיסטע
— אין יעדערער היים
קרבנות אומזיסטע,
פֿון קײנעם באַװײנטע;
פֿאַר אונדזערע מאַמעס,
װאָס װאָגלען אין פֿרעמד;
פֿאַר קלײנינקע קינדער,
אין פֿײער פֿאַרברענט;
פֿאַר אונזערע שװעסטערס,
װאָס זענען געפֿאַלן אין װעג;
פֿאַר לעבן און שמאַכטן אין אײביקער שרעק;
— פֿאַר טרײַבן אונדז אַלע אין פֿינצטערע נעכט
— פֿאַר דער טיפֿער שאַנד
פֿון זײַן אַ קנעכט.

ווערטער, זייט ווי דונערס, וואָס צעקנאַלן,
די שטילקייט פון בערג און טאָלן!
מיט דער קראַפט פון הוראַגאַנען־שטורעם,
וועקט די מתים פון די קברים.
זאָלן זיי אויפשטיין, זען,
וואָס פון זייערע דורות איז געשען,
ווי אונטער צוימען, דראָטן,
געוואָגלט מיר האָבן, ווי די שאָטנס.
ווערטער, זייט ווי בליי און זייט ווי פייער!
הערצער צעגליט צו טאַטן נייע!
אָפוואַשן די געטאָ־שאַנד —
אין אונדזער אייגן, פרייעם לאַנד!

# געטאָ־קינדער

קינדערלעך קליינע,
קינדערלעך מיינע,
די שענסטע בלומען
אין מיין נשמה.
איך וויל אייך גוטס טאָן
אַלץ אייך געבן...
איר זייט דאָס שענסטע,
פון וועלט און לעבן.
פארחושכטע מיינע,
קינדערלעך קליינע,
איך וויל אייך אַלע,
באַזינגען, באַשיינען.

יעדן פרימאָרגן
רייסט אייך פון חלום אַוועק,
די זאָרג, דער עול, די שרעק,
איר פרעגט נאָך פאַרשלאָפן ;
„עס איז שוין שפּעט״ ?
און טוליעט זיך איין
אין וואַרעמען בעט.

קינדערלעך קליינע,
קרענקלעכע, בלאַסע,
אין זעקעלעך צעריסענע,
שיכלעך צעוויקטע פון וואַסער,
ווען עס שיינט נאָר דער טאָג,
דער עול צו דער אַרבעט,
טרייבט אייך און יאָגט.

איר מוזט לויפן, יאָגן זיך, איילן
איבער געסלעך און גאַסן אויף מיילן,
מיט טאָרבעס און טעפּלעך,
שפּאַנען דורך טויערן,
בריקן און טרעפּלעך
שׂרהלעך, דבורהלעך,
משהלעך, דודלעך.

שוסטערלעך, שניידערלעך מיינע,
קינדערלעך קליינע,
די הערצעלעך קלאַפּן מיט אומרו,
מיט שרעק,
מען זאָל אונדז נאָר נישט
שיקן אַוועק!
עס וויל זיך אַזוי שטאַרק
בלייבן צוזאַמען,
אין דער היים,
מיט די שוועסטער
און מאַמען...
קליינע הענטעלעך גיבן צו מוט,
מיר קענען אַרבעטן שנעל און גוט!
מיר קענען אַזוי ווי די גרויסע שווער,
מען וועט אונדז מסתּמא נישט שיקן שוין מער...

מיר זענען אַרבעטער,
מיר קענען אַלץ!
און דאַרפֿן,
דאַרפֿן מיר גאָרנישט!
נאָר א שטיקעלע ברויט,
באַשאָטן מיט זאַלץ,
נאָר אַ ביסעלע זופּ,
מיט קאַרטאָפל נאָר צוויי,

נאָר איין מאָל אײַנבײַסן,
איין מאָל געבן אַ קײַ...

נאָך דער אַרבעט,
ווען עס איז פֿאַראַן
נאָר אַ רגע אַ פֿרײַע,
מוזט איר נאָך ברויט
גיין אין דער ריי.
כאָטש איר זײַט נאָך
אומגעשיקט, קליין,
מוזט איר דאָס פֿײַער מאַכן אַליין,
איר מוזט תּמיד זיך אײַלן,
תּמיד זיך יאָגן,
דאָס וואַסער ברענגען,
ס׳מיסט אַראָפּטראָגן,
די באָבע, די מאַמע,
זיי איז צו שווער,
צו זאָרגן פֿאַר אַלץ,
זיי קענען נישט מער...
מוזט איר מיט די שוועסטער
און מיט דער מאַמען,
די פֿאַלנדיקע הײַם,
אונטערהאַלטן צוזאַמען.

איר האָט נישט קיין צײַט,
צו שפּילן זיך מער,
ברויט צו דער זעט,
איז דער שטאַרקסטער באַגער.

ווײַל דאָס ברויט איז צו ווייניק,
מען קומט מיט אים נישט אויס,

מען עסט נאָר א שטיקל,
א רעפטל, דין ווי אַ האָר,
און ס׳ברויט פאַרשווינדט,
עס איז שוין נישטאָ!

נאָר דאַן איז אַ יום־טוב, אַ פרייד,
ווען די מאַמע ביים אייוועלע שטייט,
און איבער דער קאַלטער, לערער שטוב,
טראָגט זיך דער ליבער ריח פון זופּ!

איר זיצט ביי דעם טעפּל,
פאַרבייגט מיט דעם קעפּל,
די אייגעלעך זענען מיט פאַרע פאַרלאָפן,
איר מישט מיט דעם לעפל,
איר זוכט אַ קאַרטאָפל! —
און קראַצט דעם באָדעם,
וואָס לאַנג איז שוין לער,
שוין אַלץ אויפגעגעסן —
און ס׳וויל זיך נאָך מער!

און קיינער גיט
נישט קיין קוש,
נישט קיין גלעט,
נאָר יעדע נאַכט,
ווען איר ליגט איינגעקורטשעט
אין קאַלטן בעט,
קומט אַ חלום צו רייטן
אויף טויזנטער פערד.

טויזנטער פערד...
טויזנטער וואָגנס...
און יעדער באַזונדער
טוט אונטערטראָגן —

ברויטן מיט ברויטן,
שטאָקיקע בערג!
זיי קייקלען זיך אַלע,
גלייך אין דעם בעט!
דאָס גאַנצע שטיבל,
פון עק צו עק,
איז מיט קאַרטאָפל און מערן
פאַרשיט און באַדעקט!

אין דער לופט שוועבן
צוקערלעך קליינע,
רויטע, גרינע,
עס נאָגט אַזש ביים הערצל,
מיט זאַפט איז די סלינע,
אין זיסן חלום
שווימט אַ שעה נאָך אַ שעה
ביז עס וועקט אייך,
דער הונגער פון טאָג.

פאַרחושכטע, קליינע,
קינדערלעך מיינע,
איך וועל אייך תמיד
באַזינגען, באַוויינען.

# ביי דער תּליה

צוויי טויזנט זענען ביי דיין תּליה געשטאַנען,
צו זען, ווי דער ווינט הוידעט דיך ווי אַ בלאַט.
און „לערנען", אַז פון געטאָ
איז קיין וועג נישט פאַראַנען,
צום לעבן, צום קאַמף קעגן פיינד.

דיין נאָמען איז האַנס, אָדער פריד,
ביז משוגעת צו דיין היים האָסט געבענקט,
אַ תּליה צום טויט דיך פאַרוויגט,
ווייל האָסט אונטער דראָטן לעבן נישט געקענט.

איך שטיי לעבן דיין תּליה פאַרשטיינערט,
לערן ווידער אויף ס'ניי,
די געשיכטע פון צוויי טויזנט יאָר,
וואָס אייביק, אייביק ווערט ניי.

## די קאַרטאָפל־שיילערין

אין שמאָלן באַלוט-געסל,
אין דער קיך צוויי הונדערט צען,
צווישן אַ מחנה אַרבעטער
איז אַ מאַמע
פון אַ בלאָנד מיידעלע געווען.

אַ מיידעלע מיט אויגן,
ווו דער הימל האָט זיין בלויקייט
אויסגעצויגן.
מיט בעקעלעך,
ווי צוויי רויטע עפּעלעך,
און ווי גאָלדענע זאַנגען,
צעפּעלעך צוויי לאַנגע.
געאַרבעט האָט זי שטיל,
תּמיד פאַרזאָרגט, פאַרטראַכט
פון דעם קינד אין דער היים,
ווי אַ פייגעלע,
אין אַ שטייג פאַרמאַכט.

און אין מיטאָגצייט,
ווען אַלע קיכן-לייט
זענען מיט די טעפּ,
ווי מיט אָפענע מיילער,
געגאַנגען נאָך אַ זופּ,
צום קאָכער, צום טיילער,
האָט זי, די שטילע מאַמע,
שטילער פון אַ מויז,
דורך אַ נעבן-טירל,
געגנבעט זיך אַרויס.

ווי די ערד וואָלט געברענט,
אונטער אירע פיס,
אַזוי האָט די בענקשאַפט
זי געטריבן צום קינד.

זי איז אַריין אין שטיבל,
אַ צעשמייכלטע,
מיט פלאַמען אויף די באַקן,
אַ פאַררייטלטע.

גלייך הערט אַ שריי און אַ קוויטש,
שוין האָט זיך ס׳מיידעלע
אויף איר שוים געגליטשט.
און דאָס קינד,
וואָס אין איר לעבן,
געוועזן איז אַלץ —
האָט ווי דאָס שענסטע צירונג
געהאָנגען אויף איר האַלדז.
און ווייל דאָס מיידעלע איז געווען,
אַזוי איינציק און אַזוי טייער,
האָט זי פון בוזעם אַרויסגעצויגן
אַ געגנבעטן מייער...
ביי גאָט געבעטן,
ער זאָל מוחל זיין די זינד,
די גנבה איז הייליק,
זי איז פאַרן קינד.

גלייך צו דער אַרבעט געאיילט,
ווייל וואָס וועלן זאָגן
אַלע קוכן-לייט,

אַז זי, די שיילערין, פעלט
אַזאַ לאַנגע צייט ?!

ווען זי איז צוריקגעקומען
שטילער פון אַ קאַץ,
האָט זי זיך אַריינגעגליטשט
אויף איר שטענדיקן פּלאַץ.

אַזוי האָט זיך געצויגן
אַ גאַנץ רונדיק יאָר
— די אַרבעט אין דער קיך —
לאַנגע פערצן שעה.

פון טאָג צו טאָג, ווערט די מאַמע
קלענער, בלאַסער.
די קאַרטאָפל
פאַרן קינד געטראָגן,
פון דער זופּ
געטרונקען ס'וואַסער.
אין איר לעבן געווען איז איין גליק,
ווען זי איז פון דער אַרבעט
געקומען צוריק;
און דאָס מיידעלע האָט דאָס קעפּל
אַריינגעשטעקט אין טעפּל,
גיריק מיט די ציינדעלעך
איינגעביסן אַ קאַרטאָפל,
ווי אַ זיסן עפּל.

נאָך דער אַרבעט,
שפּעט אין דער נאַכט,

האָט זי דאָס קינד געוואַשן,
די צעפּעלעך געפלעכט,
מיט אַ מידער האַנט,
געניייט אַ שערצעלע,
אָדער געפּרעסט אַ באַנד.

לאַנג, ביים בעטל, ווי א וויג
געזונגען איר ליד,
פאַרטראַכט מיט ווערטער
פון איר טרויעריקן געמיט:
„איילי לולי, מיידעלע,
שלאָף, מיין טייער קינד,
מאַך שוין צו די אייגעלעך,
שלאָף זשע איין געשווינד.

עס איז דאָ אַ וועלט,
אַ גרויסע וועלט,
מיט שלעכטע מענטשן אַ סך,
דו, מיין קינד,
קאָנסט רויִק שלאָפן,
דיין מאַמע
ביי דיר וואַכט.

ס'איז שווער אין געטאָ יעדער טאָג,
פול מיט שרעק און פּיין,
ווען דו וועסט א גרויסע ווערן,
וועסטו אַלץ פאַרשטיין.

איר ליד האָט געציטערט
אין דער שטילקייט פון נאַכט,
ביז דער שלאָף האָט די אויגן
ביי דער מאַמען פאַרמאַכט.

פּלוצעם, אין אַ טאָג אַ שטילן,
אין יעדן שאָפּ, רעסאָרט און קיך,
מיט דער שנעלקייט פון אַ בליץ,
פאַרשפּרייטן זיך קלאַנגען,
אַז די קינדער אין געטאָ
זענען פון שׂונא געפאַנגען!

די מאַמע באַגרייפט נישט,
באַטראַכט דעם אָרום
מיט אומזיניקע בליקן,
און פרעגט צעטומלט:
ווי איז דאָס מעגלעך,
מיר זאָלן אונזערע קינדער פאַרשיקן?

די מאַמע פון בלאָנדן מיידעלע,
פון דער קיך
צוויי הונדערט צען,
קאָן עס גאָרנישט באַגרייפן,
קאָן דאָס גאָרנישט פאַרשטיין...
נאָר קודם
כאַפּט זי דאָס קינד
און טראָגט אויפן בוידעם.

זענען אין איינעם,
פון גאַנצן הויף,
געקומען די שכנים,
געטענהט
מיט פּיין און מיט שרעק,
עס איז שוין צייט
מיטן טרויעריקן לעבן
צו מאַכן אַן עק...

ווען עס קאָנען נישט העלפן,
קיין תּפילות, קיין טרערן,
ווען עס איז נישטאָ קיין אויסוועג,
און עס קאָן אַנדערש נישט ווערן —
דאַרפן מיר רויִק און אָן אַ שרעק,
צוזאַם מיט די קינדער אַוועק...

הערט זי דאָס אַלץ,
מיט אַ בראַנד אין מוח
מיט אַ לערקייט אין האַרץ,
ווייסט נישט וואָס צו טראַכטן,
נאָר לויפט
וואָס גיכער, וואָס שנעלער,
און טראָגט דאָס קינד
פון בוידעם אין קעלער.

זיצט דאָס מיידעלע
מיט אויגן
ווי דער הימל
האָט זיין בלויקייט אויסגעצויגן,
מיט בעקעלעך,
ווי צוויי רויטע עפּעלעך,
און ווי גאָלדענע זאַנגען,
צעפּעלעך צוויי לאַנגע
— אין אַ קעלער מיט אַלטוואַרג,
מיט ברעטער פאַרשטעלט
אָטעמט דעם שימל פון ווענט,
דאָס הערצל אין פלאַטער און קלעם.

אין קעלער איז פינצטער,
דורך די שפּאַרעס רייסט אַ ווינט,

מענטשן שרייען, לויפן, וויינען,
אויף דעם הויף בילן הינט...
דעם קינד האָט אַ קאַלטער שוויים באַגאָסן,
ווען עמעצער האט פלוצעם
דעם קעלער אויפגעשלאָסן.

אָט רייסט זיך, אין אַ יאָמער־געוויין,
איר מאַמע אין קעלער אַריין,
נאָר וואָס טוט זי אַצינד?
וואָס מיינט זי דערמיט? —
אַז זי שניידט מיט אַ שער,
די צעפּעלעך געשווינד.
זעט אין דער פינצטער:
אַ מאַן מיט אַ געלע באַנד,
ער נעמט זי פּאַמעלעך,
טראָגט אַרויס אויף דער האַנט.
שטעלט אַרויף אויף אַ וואָגן
מיט קינדערלעך אַ סך,
אויף אַ וואָגן, וואָס איז אַזוי לאַנג,
אַזוי גרויס,
און פאָרט פונעם הויף,
אין דער גאַס אַרויס!
די קינדערלעך זיי מיינען:
עס איז מן־הסתם אַזאַ שפּיל...
און דאָס מיידעלע פרעגט:
— ...מאַמע... זאָג... וווּ אַהין?

פּאַר דער מאַמעס אויגן
ווימלען שוואַרצע רעדער,
גליווערן די גלידער

קוים, קוים,
קען זי זיך שלעפּן
אויף די ליימיקע פיס
אַרויף אויף די טרעפּן.

אין דער שטוב,
אַנטרינט דער דיל
מיט די ווענט.
נישטאָ קיין אָנשפּאַר
פאַר די שטאַרע הענט.

✶

האָט מען אין דער קיך באַמערקט,
אַז עס פעלן ביים טיש זייט טעג,
די בעסטע אַרבעטסהענט.
דאָס אומגליק גלייך פאַרשטאַנען,
זענען צוויי שיילערינס צוזאַמען
געגאַנגען באַזוכן,
די פאַריתומטע מאַמע.

האָבן זיי,
די שיילערינס, די צוויי,
געברענגט אַ טאָפּ קאַרטאָפל
באַשמאַלצן פעט מיט אייל.
ביי איר בעט זיך געזעצט,
גערעדט וואַרעם און פּראָסט,
אַז גאָט איז אַ טאַטע
און קיינעם פאַרלאָזט.
אין זייערע הערצער
האָט דער טיפסטער צער געברענט.
געשטופּט אין מויל קאַרטאָפל
מיט ציטערדיקע הענט.

געטענהט :
קיינער קאָן עס נישט וויסן :
אפשר קומען פון די קינדער
היינט אָדער מאָרגן גרוסן ?...
און קיינער קאָן נישט דערגיין :
אפשר אין דער פרעמד
וועט די קינדער בעסער זיין ?

געטרייסט מיט אַ ליבן שמייכל :
אַ מענטש קאָן גאָרנישט דערגיין
מיט זיין פראָסטן שכל...

נאָר גאָט איז אַ טאַטע.
ער קאָן אַלץ מאַכן,
אַז די וואָס וויינען היינט,
זאָלן מאָרגן לאַכן.
טאַקע, קאָן עס אַזוי ווערן,
אַז היינט אָדער מאָרגן
זאָלן די קינדער מיט טאַטעס
צוריק זיך אומקערן...

מיט די ביינ(י)קע הענט,
איר פנים געגלעט,
געמונטערט :
עס איז נישט קיין חכמה,
צו ליגן אין בעט !

יעדער דאַרף זיך שטאַרקן,
און דער עיקר

זיין אַ מענטש,
גיין צו דער אַרבעט,
היינט... גלייך, אַצינד,
די אַרבעט הײלט אויס
פון אַלע לייד,
פון יעדער ווּנד...
און האָבן איר דערלאַנגט
דעם צעקנאָדערטן ראָק,
געזוכט אין די ווינקלען,
אַ פאַרוואָרפענעם זאָק.

ווי אַ שיף,
וואָס ווייסט פון קיין ברעג,
האָט זי זיך מיט די ווייבער,
פון די טרעפּן געשלעפּט.

דאָס געסל איז אויס,
ווייט איז די קיך,
שלעפּט זיך די מאַמע,
דורך צוימען און בריק.
עס שווידערט איר גוף,
זי שטאַמלט אומזיניק:
דאָ... איז פאַרשווּנדן מיין גליק...

פון קינד, וואָס אין איר לעבן,
געוועזן איז אַלץ,
איז געבליבן אַ זעקעלע,
מיט אַ גאָלדן צעפּעלע,
הענגען אויף איר האַלדז.

# היימלאָזע קינדער

שלאָפן אויפן דיל
יתומהלעך דריי קליינע,
צוויי זענען פון סטריקעוו,
פון בערלין איז איינער.

אָפּגעהאַקטע צווייגלעך
פון זייער מאַמע־בוים
אין דער פרעמד פאַרטריבן
געדענקען נאָר אין טרוים,

די היים, דאָס קליינע שטעטל,
דאס טייכל און די מיל,
עס דרייט דער ווינט די פליגל,
דער טאַטע ברומט אַ ניגון שטיל,

די מאַמע אין קיך פאַרטאָן,
איר פּנים פול מיט חן,
און זיי, חדר־ייִנגלעך,
שפּילן זיך אין זאַמד.

זיי קוקן אויף דער וועלט,
קאָנען איר סוד נישט דערגיין,
פון וואַנען קומט די זון ?
ווער הייסט איר שלאָפן גיין ?

ווי אַזוי פאַלט אַ רעגן ?
ווי אַזוי וואַקסן בלומען ?
וואָס דערציילט דאָס וואַסער,
אין טיפעניש פון ברונעם ?

אָט פֿאָרט אַ שוואַרצער וואָגן,
אין מיטן אַ מענטש אַ טויטער ליגט,
פֿאַר וואָס איז ער געשטאָרבן ? —
פֿאַרשטייען קינדער נישט.

פֿאַרשטייען אויכעט נישט
דאָס געטאָ ליצמאַנשטאַט *,
וואָס שטייט אַרום באַוואַכט,
פֿאַרשטעלט מיט שטעכיק דראָט.

פֿאַר וואָס טאַטע־מאַמע,
אין דער היים געבליבן איז,
און זיי האָט מען פֿאַרטריבן,
פֿאַרשטייען קינדער נישט.

אַלץ קריגט מען דאָ אין רייען,
מען צאָלט מיט יִדיש געלט,
אַ שטעטל אַזאַ גוייִש,
מיט יִדן — פֿון דער גאַנצער וועלט !

אַזוי שווער איז יעדער טאָג,
שווער די אַרבעט אין דעם שאָפּ,
שווער אָפּקאָכן אַ זופּ,
שווער היטן אויפֿן גאַז דעם טאָפּ.

ווי גוט וואָלט עס געווען,
ווען אייביק איז דער שלאָף,
דער טאָג מיט אַלע זאָרגן
וואָלט נישט געווען וואָר.

* אַזוי איז די שטאָט לאָדזש אָנגערופֿן געוואָרן דורך די דייטשן נאָכן פֿאַרנעמען די שטאָט.

שלאָפֿן קינדער אויפֿן דיל,
וואַרעם טוליען צו זיך.
חלומות פֿון אַמאָל
האָבן זיי איינגעהילט.

דער דריטער פֿון בערלין,
דער גרויסער דייטשער שטאָט,
אויפֿן קאַלטן שטרויזאַק ליגט,
און זיך אין טרערן באָדט.

וואָס האָט מען פֿון אים געוואָלט?
פֿאַר וואָס קומט אים אַזאַ שטראָף? —
אַז ער איז אַ ייִד —
הערט ער צום ערשטן מאָל!

קורט איז דאָך זיין נאָמען,
די שוועסטער הייסט דאָך לינדאַ!
וווּ איז זי אַהינגעקומען
מיט אַלע קליינע קינדער?

דער „פּאַפּאַ" אין דאַכאַו פֿאַרטריבן,
די מוטי אין וועג פֿאַרלוירן.
פֿרעגט ער די שוואַרצע נאַכט,
צו וואָס האָט מען מיך געבוירן?

ווי אַ חלום איז די היים,
דאָס ווייסע ווייכע בעט,
ווי אַ חלום איז די היים,
די מאַמעס וואַרעמע הענט.

ווּ איז זיין כּישוף־פערד,
וואס האָט אים געפירט אין לענדער ווייטע?
ווּ די זילבער קרוין,
פון אים, דעם העלד, דער רייטער?

ווען ער וואָלט איצט אַהיימגעקומען,
ווער וואָלט אים היינט דערקענט,
אין די קלומפּערס קרומע,
אַ שלעפּער פון דער פרעמד?

ווינטער אין דעם לאַגער,
געפרוירן און געהונגערט.
היינט אַ „פרעמדער” אין דעם שטיבל,
מיט די צוויי „פרעכע” יונגען!

ווי געשיקט זיי ביידע זענען!
רוימען, וואַשן, קאָכן קענען,
פון רעטעך, קרויטבלעטער,
זופּן און קאָטלעטן!

פון אלץ מאַכן זיי אַ מסחר,
קאָנען פאַרדינען געלט!
זיי קומען פון אַ שטעטעלע,
איך — פון דער גרויסער וועלט!

דאָס ברויט שוין אויפגעגעסן,
די קאַרטאָפל־ראַציע אַלץ נישטאָ!
ווי זאָל איך קענען לעבן
אין דער פרעמדער שטאָט?

# געטאָ־ווינטער

נאַסע ווענט און פראָסט אויף שויבן,
אַ שניי באַדעקט האָט יעדע מויער,
לערע טעפּ אויף קאַלטן אויוון
צאַנקען געטאָ־טעג אין טרויער.

ווער עס קאָן נאָך, שפּאַנט אין שאָפּ,
שלעפּט די פיס אויף ווייטע וועגן.
ביי אַ זייט הענגט אַ טאָפּ
אויף אַ שנור אַרום די לענדן.

ווער עס קאָן נאָך — גייט אין רייען
מיט אַ זאַק נאָך ברויט און רעטעך.
ביז צום פאַלן וועט ער שטיין
מיט אַ הונגערבליק פון בעטלער.

שנייען־שטורעמס — טויט־שליחים
יאָגן אָן אין יעדן געסל,
באַדעקט דאָס געטאָ מיט תכריכים
פון גאָט און וועלט פאַרגעסן.

## אין טישלער־רעסאָרט

ליגן הענט אויף דעם טיש,
אויגן פרעמד קוקן זיי אָן:
הענט מיינע, איך דערקען אייך נישט!
וואָס פֿאַר אַן אַרבעט האָט איר געטאָן?

ליגן הענט אויף דעם טיש,
פינגער פֿאַרוווּנדעט, צעקלאַפּט:
הענט מיינע, וואס האָט איר געטאָן?
אַ קאַסטן אויף פֿולווער געמאַכט?

בין איך אַזאַ פֿאַרשאָלטענער קנעכט,
וואָס אַליין זיך ווערן נישט קען —
מיין באַפרייער אַליין איך שעכט,
מיט מיינע אייגענע הענט?!

פֿון פרימאָרגן, גרוילעכע שעה,
ביז צום פֿאַרגאַנג פֿון דער זון,
האָט איר זיך פֿיינלעך געיאָגט,
נישט אָפּשטיין אין אַקאָרד פֿון טאָג.

וויגן זיך זאָלן צום טאַקט,
צו האַמערס האַסטיקן קלאַפּ,
יאָגן זיך הענט אין אַקאָרד,
און יעדער קלאַפּ איז אַ מאָרד.

פֿאַמעלעך און שווער ציט דער טאָג,
ביז צו דער נאַכט זיך דערשלאָגט.
מיט מידע, פֿאַרמאַטערטע טריט,
שלעפּן אַהיים זיך די פֿיס.

ביי נאַכט יעדער קאַסטן אויף מיר ליגט,
אַרום מיין האַלדז איז פאַרצויגן אַ שטריק,
טויזנט מתים מיך פירן צו תּליה!
טויטן די, וואָס האָט דעם טויט אונדז געשיקט!

מיט פאַראַכטונג שרייען די ווענט:
אָפּעהאַקט זאָלן ווערן די הענט.
זאָלן זיי אויפּפרעסן הינט,
די ביינער — צעטראָגן דער ווינט!

קיין שטראָף איז פאַר דיר נישט פאַראַנען,
קיינער וועט דיין פאַרברעכן פאַרגעבן.
יעדעס לעבן וועלן מיר ביי דיר מאָנען,
און צאָלן וועסטו מיט דיין לעבן!

זיץ איך די גאַנצע נאַכט,
מיט די הענט אויפן טיש,
דעם קאָפּ אין הענט אָנגעשפּאַרט.

ביז דער באַגינען וועט זיך צעהעלן,
ביז די פאַרמאַטערטע פיס
וועלן הענט צו דער אַרבעט צושטעלן.

# צו דער נאַכט

אַ גוטע-נאַכט, לאַנגע,
מיט באַנגע חלומות,
אַ זיסע פאַרגעסונג,
האָפן און טרוימען
דו איינע ווייזט אונדז אַ וועלט
אַ פרייע!
אָן קנעכטשאַפט,
אָן צוימען.

וואָס זענען מיר דען ביי טאָג?
הילפלאָז-געבויגענע קנעכט.
פאַר אַ שטיק פערדספלייש, אַ זופּ,
שלעפּן דעם שפּאַן פון די טעג!

וואָס זענען מיר דען ביי טאָג?
א מחנה חיות אין אַ שטייג פאַריאָגט.
דעם אָכלאַפּ פון פיסקעס זיך רייסן,
אין הונגער-שרעק צום טויט זיך פאַרבייסן.

וואָס זענען מיר דען ביי טאָג?
אַריינגעדרייט אין אַ גיהנומדיק ראָד —
מיט אונדזערע אייגענע הענט
לייגן ליים צו די תּפיסה-ווענט!

אָ גוטע-נאַכט, שטילע,
איינגעהילט אין דיין שלייער,
אויף ס'ניי מיר ווערן,
מענטשן ווערדיקע, פרייע.
מיט שטאָלץ געהויבענע קעפּ,
בויערס, וויזיאָנערן,
פון פריידיקע טעג!

אָ נאַכט!
מיר זענען אַזוי מיד,
אָן גלויבן, אָן טרייסט,
יעדער טאָג פול מיט גרויל,
אָ נאַכט:
אין דיין רו אונדז דערהויב,
אין דיין רו אונדז דערלייז!

# רייען

עס גייט אַ צייט
און עס קומט אַ צייט,
עס בייט זיך די אייביקייט;
טעג, חדשים, יאָרן גייען.
צווישן זיי —
ייִדן אין רייען.
פון ענגלאַנד, פון פראַנקרייך, פון שפּאַניע
איבער פעלדער שטעט און שטעטלעך,
געשפּאַנט האָבן ייִדן־רייען,
נע־ונדע בעטלערס...
מיט דעם וואַנדערשטאָק אין האַנט,
געזוכט האָבן אַ ברעג, אַ לאַנד.

שפּרייזט אַ מאַן, ווי אַ יונגער בוים,
מיט אַן אַלטן גרויעם טאַטן,
וואָס קוים שלעפּט זיך אין דער ריי,
אין אַ פאַרגליווערטן ווייגעשריי.

דער טרייער זון,
אויף דעם וועג פון לאַנגע מיילן,
וויל זיין קראַפט אויף צוויי צעטיילן.
דעם טאַטנס יאָרן באַנייען,
ער זאָל נישט אָפּשטיין
אין די רייען.

און דער פרומער זקן־טאַטע
וויל דעם יונגן זון דערהויבן
צו די הויכן
פון זיין גלויבן.

אַ מאַמע, אין אַ יאָמערדיק געוויין,
שפּאַנט מיט אַן עופּהלע אַ קליינעם.
מיט זעק, מיט עק, מיט ספרי תורה,
לייכטערס, שפּייז און מיט מנורות.
דער לעצטער שלעפּט זיך
אַן אויסגעטריקנטער זון פון דלות,
גייט אין דער וועלט
מיט אַ תּפילין-זאַק און מיט אַ טלית.
אַ פאָלק — אַ מענטשן-קנויל,
אין פּיין און צער,
גייט אין פרעמדן נע-ונד,
מיט דעם וואַנדערשטאָק אין האַנט,
זוכט מיד אַן אָרט, אַ לאַנד.

טראָגט דער ווינט אין וועלט די תּפילות,
א טרייעם לויב-געזאַנג צו גאָט —
אַז ער — וואָס האָט צוגענומען
דאָס גוטס און האָב —
האָט צוריקגעגעבן
דעם פייערפלאַם פון גלויבן —
צוזאַמען מיטן לעבן.

✶

קוים געשטילט האָט זיך די צייט —
און אין רוסלאַנדס לענג-און-ברייט,
איבער שטעט, טאָלן, תּהומען,
צעפלאַקערט האָבן זיך פּאָגראָמען.
די פאַרפּייניקטע מענטשן-קנעכט,
האָבן אָנגעצונדן זיך אין כּעס,
אין הונגער-צאָרן אויפגעהעצט —
אויפן ייִד אויסגעלאָזט דעם האַס.

ווו אַ ייִד דערשנאַפּט, דערקענט —
גלייך זיין היים פאַרוויסט, פאַרברענט,
איבער שטעטלעך, העלע הויכן,
געצויגן האָבן שוואַרצע רויכן.

די פּיס פון די צעווילדעוועטע פערד
אויסגעגלייכט אַלץ מיט דער ערד.
פון די קראָמען, פון די היימען,
געבליבן אַ באַרג פון מיסט און שטיינער.

✶

דורות קומען,
דורות גייען —
אייביק ציען
ייִדן-רייען.

אין דייטשלאַנד — די ליבסטע מדינה,
דאָס מוסטערלאַנד פאַר דער וועלט —
קאָן מער זיך קיין ייִד נישט געפינען,
נאָר מיט שיפן קאָן אַוועק
ווער ס'האָט אוצרות פולע זעק.

דער שטורעם פון צייט האָט זיי פאַרטריבן,
אין די ימען אויסגעשפּיגן.
פון דעם ליבן פאָטערלאַנד,
אין דער פרעמדער אומבאַקאַנט.

איבער ימענס אָפּגרונט-טיפן
שווימען לאַנגען שנורן שיפן,
רוישן כוואַליעס שוימיק-ווייסע,
שווימען לעבעדיקע מתים.

וואָגלען שיפֿן אין די נעכט
פֿון איין ברעג צום צווייטן ברעג.
אָן אַ סוף ציט זיך דער וועג,
פֿון איין ברעג צום צווייטן ברעג.

אויגן טרויעריקע, מאַטע,
מעסטן אוים די וועלט די ווייטע.
בעטן זאָל זיי זיין באַשערט,
זען אַ מאָל די שוואַרצע ערד.

איבער וואַסערס בלויער ווייט
ציט אַ לאַנגע פֿייגלקייט.
נאָר זיי האָבן ערגעץ ווו
אַ זיכער מקום,
אַן אָרט — פֿאַר שטילער רו.

פֿאַר די ייִדן אין די שיפֿן
זענען נאָר די ימען-טיפֿן.
אויף דער גאָרער וועלט קיין לאַנד,
ווו מיט אַקער אין דער האַנט
זינגען קאָן אַ פֿרייהייט-ליד.
— אַן אויסגעלייזטער מענטש —
אַ ייִד!

האָט זיך דייטשלאַנד נישט באַנוגנט,
מיטן בראָך פֿון „זייערע" ייִדן.
פֿאַר אייראָפּע גרייט אַ פֿאַרפּלייצונג
פֿון „טויטנקעפּ" מיט האַקנקרייצן.

איז די וועלט געוואָרן א קבר,
די שוואַרצע ערד — אַ שטומע מצבה.
די שטעט און דערפער פון פוילן
נאָר פאַרצווימטע תּפיסה־מויערן.

דער שׂונא האָט פינף מינוט געגעבן,
צו ראַטעווען דאָס האָב און לעבן.
ווער עס קאָן נאָר, גרויס און קליין,
אַנטלויפט אין טויטשרעק פון זיין היים.

בלייבן נאָר די קראַנקע, די זקנים,
די וואָס מער שוין גיין נישט קענען.
בלייבן אויף די דילן פּעק,
צוגעגרייט אויף דעם געטאָ־וועג.

ווי חיות אין אַ יאַגד געיאָגט,
טרייבט ס.ס. דעם מענטשן־צוג.
מיט „סאָלדאַטן־פּרווידע" נאָכגעשאָסן,
דעם ייִדן־צוג מיט בלוט פאַרגאָסן.

וויינען מויערן און באַדויערן,
די אין לאַטעס און אין שאַנד,
וואָס האָבן אַלץ פאַרלוירן —
און שפּאַנען צו דעם אונטערגאַנג.

און די שטאָט
אין איר לענג און ברייט
איר טאָג־טעגלעכן
גאַנג זיך גייט,
און קיינער פילט דעם שטומען פּיין —
אין דעם שוואַרצן צוג פאַרשפּרייט.

געשטעלט אין גאַנג האָט זיך די צייט,
צוריק די ווייזערט זיך געדרייט.
נאָר פאָרויס אין פרעמדער ווייט
ציט זיך אַלץ די וואַנדערקייט.

אין לאַנגע שטומע רייען,
אין צער צעטומלט, פאַרלוירן,
פון פראָג, בערלין און ווין,
ציען ייִדן
אין לאָדזשער געטאָ־מויערן.

אָן קיין לייכטערס,
ספרי־תורה.
אָן טליתים, אָן מנורות,
אָן אַ גלויבן אין אַ גאָט,
אָן קיין גוטס און אָן קיין האָב,
אָן מלבושים־פּעק
אָן זעק,
נאָר מיט אַראָפּגעלאָזטע קעפּ,
נאָר מיט קופערלעך מיט קליינע,
נאָר מיט קינדערלעך וואָס וויינען.

נאָר קאָשמאַרן, גרויליק־ווילדע,
נאָר גיהנומדיקע בילדער,
נאָר זכרונות מיט זכרונות,
פול מיט בענקשאַפט און חלומות.

אָפּט מאָל ביי דער געטאָ־בריק,
שטעלט זיך אָפּ אַ דייטשער ייִד,
ווענדט זיין בליק ווייט אַהין:
וווּ איז פּראָג, בערלין און ווין?

הילפלאָז ביילט זיך אײַן זיין פויסט,
שטאַמלט:
כ׳וויל צוריק, כ׳וויל אַרויס
צו מיין פרוי,
מיין קינד, מיין גליק!
אין דראָטן־שטייג
ווער איך דערשטיקט!
א לאָזט מיך פריי... לאָזט מיך צוריק!
ס׳האַרץ מיט טרערן טריפט און וויינט
צו דער פאַרלוירענער מאַמע־היים.
אינעם באַלוטם דלות־געסל
ער קאָן זיין נעכטן נישט פאַרגעסן.
ווי פון מדבר־זאַמד אַ שטויב,
ווי פון וואַלד אַ בוים נאָר איינער
פון געטאָ געבליבן איז
אַ מנין נאָר אַ קליינער.

און די לעצטע פון די לעצטע
ווייטער שלעפּן זיך אין רייען.
אויסגעהונגערטע געשפּענסטער
אין לאַגערם פון די געטאָם גייען.

אָן קיין לייכטערס, ספרי־תורה,
אָן טליתים, אָן מנורות,
אָן אַ גלויבן אין אַ גאָט,
אָן קיין גוטס,
און קיין האָב.
אָן קיין פרויען,
אָן קיין קינדער
נאָר מיט וווּנדער,
וווּנדער, וווּנדער —

אַז טראָץ אַלעמען בענקט אַ שטערבן
צו אַ רויִק,
מענטשלעך לעבן.

*

עס גייט אַ צייט
און עס קומט אַ צייט,
עס בייט זיך די אייביקייט.
טעג, חדשים, יאָרן גייען
ייִדן וואָגלען אַלץ אין רייען.

וווּהין ציען זיך די רייען?
וווּהין געטאָ־ייִדן גייען?
ווען וועט זיך דער ייִד באַפרייען,
פון די נע־ונדע רייען?

# פרילינג

דער לעצטער שניי צעשווימט,
די ערד פון פרילינג ווידער זינגט!
איבער די געסלעך פון באַלוט און דעכער
שווימען די טענער שטאַרקער און העכער.

איבערן געטאָ וועבט זיך אַ גאָלדן געוואַנד,
זעען מיר אַלע די פרייהייט אין לאַנד.
צעטרעטן אין גאַס דער האַקנקרייץ,
אַנטלויפט אין טויטשרעק דער לעצטער דייטש!

ס׳הערט זיך שוין, ס׳הערט זיך פון ווייטן,
ווי די רויטע רייטער רייטן,
ווי אויף פעלדער רויטער מאָן,
שיינט אין שטאָט די רויטע פאָן!

פרויען און מענער,
צעזונגען צעטרעטן,
פון בריקן די אייזנס,
פון צוימען די ברעטער!

איצט וועל איך רויִק שטאַרבן שוין קאָנען
איך וועל קיין מאָל אין לעבן נישט זעען קיין שענערס,
ווי קינדער מיט א שׂמחה זיך יאָגן,
אַ בעלקע פון צוים צו זיך אַהיימטראָגן!

טויכט אויף אין מיר א זוניקער טרוים,
פון יעדן שאַנדסלופּ וועט וואַקסן אַ בוים
מיט גרינע בלעטער אויף ברייטע צווייגן
יעדער בוים — אַ וואַלד וועט אָנהייבן!

און אפשר אַ מאָל,
אין אַ שטילער שעה.
וועלן זיך סלופּעס ווידער דערמאָנען,
ווי זיי זענען אין בלאָטיקן רינשטאָק געשטאַנען.

דאַן וועט אויפציטערן אַ בלאַט ביי אַ בלאַט,
פליסטערן שטיל: פאַרגעס די צייט!
מען דאַרף נישט טראַכטן און קיין מאָל דערמאָנען,
די שאַנד פון געטאָ, וואָס איז פאַרגאַנגען!

עס קומט שוין קיין מאָל צוריק,
די גרויל פון געלע לאַטע, פון צוים און בריק.
די וועלט איז אַ ברייטע, די וועלט איז אַ גרויסע,
פאַר יעדן איז ברויט דאָ, פאַר יעדן אַן אָרט דאָ!

אַ שעה פון באַפרייונג!
ביסט נישט אַ פאַרגעסונג-חלום
אין מיינע איינזאַמע טעג.
איך וועל טאַנצן אַ שיכּורע
אין דיינע אָרעמס,
דו קומסט אָן!
דו ביסט אויף דעם וועג!

## אױשװיץ

גאָט, װען דו ביסט — ביסטו אױך נישט, אַ גאָט!
דײַנע קינדער אױף שאַנד און אױף שפּאָט
זענען אין אַ לאַגער געװאָרן פֿאַרטריבן,
און פֿון דײַן פֿאָלק איז כּמעט קײנער געבליבן.

הערסט נישט אונדזער פֿאַרצװײפֿלט געשרײ,
אױף יעדן האַרץ זשאַװערט אַ קײט,
געשװאָלענע פּיס מיט בלוט אַ געשפּײ,
און דו, גאָט, קוקסט רױִק און שװײַגסט.
דו האָסט זיך אױסבאַהאַלטן
אונטער די װאָלקנס די קאַלטע
און גיסט אַפֿילו קײן בליק,
װי מיר װערן אין דראָטן דערשטיקט.

פֿון דיר האָבן אין מדבר געחלומט נביאים,
פֿאַר דײַן נאָמען קדושים געגאַנגען אױף תּליות
אױף שײַטערס געברענט,
געבונדן אין קײטן, געשלאָסן די הענט!
און דו — אונדזער קיום, אונדזער לעבן,
האָסט אין שׂונאס הענט געגעבן;
אונדזער חורבן, אונדזער פּײַן,
צו דײַן האַרץ טוט נישט דערגײן.

װען דו ביסט — ביסטו אױך נישט, אַ גאָט!
דײַנע קינדער אױף שאַנד און אױף שפּאָט
זענען אין אַ לאַגער געװאָרן פֿאַרטריבן
און פֿון דײַן פֿאָלק איז כּמעט קײנער געבליבן.

## אין לאַגער

ווייט איז געבליבן מיין היים,
פעלדער־וועגן זי האָבן פאַרשטעלט.
אין אַ לאַנגער פינצטערער נאַכט
האָט אַ צוג מיך געשלעפּט אין דער פרעמד.

ווי אַ חלום וועבט זיך דער נעכטן,
די וואַרעמע, היימישע ווענט
אַפילו אין געטאָ־דראָטן
בין איך נאָך געווען אַ מענטש.

היינט בין איך אין לאַגער פאַרטריבן,
אַרום עלעקטריזירטע דראָטן.
פון מיין איך — נאָר אַ נומער געבליבן,
אויף אַ פאַרוואָגלטן שאָטן.

מיין פּנים האָב איך דערזען,
אויף דעם באָדעם פון קאַוועטאָפּ;
ווי פאַרשטיינערט געבליבן שטיין
דערזען אַ גאָלן קאָפּ.

אויגן גרויסע, דערשראָקענע, צוויי,
באַקן דאַרע, שוואַרץ ווי אַ בראַנד,
ווי אַזוי דערשטיקן דעם וויי?
ווי אַזוי פאַרנעמען די שאַנד?

פון מיין נעכטן איז גאָרנישט געבליבן
און זיך אַליין בין איך פרעמד,
ווי פרעמד ס׳איז אין מיר די שׂנאה,
דאָס האַרץ אין נקמה צעברענט.

איך ווייס, אַז אַלץ איז פֿאַרלוירן,
כ׳בין דאָ איינזאַם, ווי אין פֿעלד אַ שטיין,
און קיינער וועט מיך באַדויערן,
ווען איך וועל פֿאַלן פֿאַרפּיינט.

רינט פֿון אויגן אַ מבול פֿון טרערן,
הילפֿלאָז ביילט זיך מיין פּויסט.
וועל איך קיין מאָל אַ מענטש שוין נישט ווערן?
קיין מאָל פֿון צוים נישט אַרויס?

## דאָס קרעמאַטאָריע־ליד

רוישט דער וואַלד מיט סודות,
ברעכן זיך אין טרויער ביימער,
אין אַרום — דערשטיקטע קולות,
טראָגט דער ווינט אַ טשאַד פון ביינער.

אָפן איז היינט דאָס גיהנום,
פלאַמען שלינגען איין די לייבער.
מענטשן לעבעדיקע ברענען!
אלטע, יונגע, מענער, ווייבער!

פלעכטן שדים אוים אַ קראַנץ
ביי אַ שוואַרצן פייגלכאָר.
שדים לאָזן זיך אין טאַנץ
מיטן ליד פון לעצטער שעה.

די וועלט האָט נישט פאַר אייך קיין קבר,
די וועלט האָט נישט פאַר אייך קיין היים.
ווערט פאַראַשט צום לעצטן אבר,
ווערט פאַרצוקט צום לעצטן ביין!

אַ גיהנום־בראַנד ביים שייטער,
שוואַרצער שטויב, וואָלקנס רויך.
צאַפּלט, ברויזט דער לעצטער ייִד —
פאַלט מיט אַ געביילטער פויסט.

ק.ל. — שטוטהאָף

## דאָס ליד פון גאַנצן ברויט

איך זיץ ביים גאַנצן ברויט,
דערנעבן בלאַנקט דאָס מעסער,
אַרום איז שרעק און טויט —
איך קאָן מיין ברויט נישט עסן...

איך זע מיין ווייטע היים
הינטער בערג און שטעט,
מיין מאַמעס ליכטיק פּנים —
אין שווערסטע געטאָ־טעג.

דאס לעצטע ברויט מיין מאַמע
אויף קליינע שטיקלעך טיילט
און רעדט: קינדערלעך, צוזאַמען
איז הונגער אויך אַ פרייד...

דעמאָלט האָב איך געטרוימט,
אין הארץ — נאָר איין געבעט:
אַ מאָל פון אַ גאַנצן ברויט
טיילן אַלעמען צו דער זעט!

ווי אַ קאָרטנהויז
צעפאַלן איז מיין היים.
געבליבן בין איך בלויז
ביים גאַנצן ברויט אַליין.

פון מיינע שוועסטער, ברידער,
איז קיינער נישט געבליבן.
אין רויך איז אַלץ צערונען,
פאַרלוירן און פאַרטריבן!

נישטאָ פּאָר וועמען טיילן
דאָס פרישע, ברוינע ברויט;
נישטאָ פאר וועמען וויינען,
נישטאָ קיין צאַרטע שוים.

איך זיץ ביים גאַנצן ברויט,
דערנעבן בלאַנקט דאָס מעסער,
אַרום איז שרעק און טויט —
איך קאָן מיין ברויט נישט עסן.

שטוטהאָף, 1944

# ‚אין מיינער היימאַט
# בליען די ראָזן...״

די נאַכט איז שוואַרץ,
די נאַכט איז שטום,
עלעקטרישע דראָטן,
רעכטס אום,
לינקס אום.
אַ זעלנערישער שאָטן,
וואַנדערט אַרום,
די אויגן גלאָצן,
שיכּור און שטום
און אויף די ליפּן
אַ באַנגער געברום:
„אין מיינער היימאַט בליען די ראָזן״.
און פּלוצעם טררראַך!
דער פּאָסטן בלייבט שטיין,
פרעגט איבערראַשט:
ווער שיסט אין דער נאַכט,
אין די דראָטן אַריין?!
הייבט זיך אַ ווינט
איבערן זאַמד
און וואַיעט:
פאַרשווינד!
ס׳קומט אונטערגאַנג!
צעוויגן זיך דראָטן,
לצן און שפּאָטן:
„אין דיינער היימאַט בליען קיין ראָזן...
אין דיינער היימאַט וואַרט דיך קיין גליק!
דאָרט קומט דיין פוס קיין מאָל צוריק!״

פאַר זיינע אויגן מאָלן זיך פעלדער,
פולע בית עולמס מיט קברים פון זעלנער !
קערפערס פארוווּנדעט און צעריסן,
ווי ברייטע טייכן בלוטן זיך גיסן,
ווי הויכע בערג — מתים שקעלעטן,
ווי זמאָרעס שוואַרצע — טאַנקען זיך שלעפּן.
דער הימל אין פלאַמען, די ערד איז אַ רויטע,
ער דערהערט דעם יאָמער פון זעלנער האַלב־טויטע...
דער פּאָסטן
פאַרקוקט אויפן אָסטן,
אין אַנגסטן באַגאָסן
אין שרעק,
בלייבט פאַרשטאַרט
און נאָך אַ רגע
הויך זיך צעלאַכט :
עס איז נאָר אַ קאָשמאַר,
פון אַ שלאָפלאָזער נאַכט...
ער זינגט ווייטער
זיין ליד אויף דער וואַך :
„אין מיינער היימאַט בליען די ראָזן...״

## צו מיין לאַנד

איך בענק צו דיר, מיין בויענדיק לאַנד,
אָפּגעטיילט מיט ימיקע ווענן.
דו ביסט אין מיין פינצטערן היינט,
דער איינציקער זוניקער שטרעבן.

אין בענק צו דיין זון אין פלאַקער,
צו דיינע פריידיקע טעג.
כ׳בענק צו דיין זילבערנעם אקער,
צו דיינע טאָלן און בערג.

כ׳בענק צו דיין שפּראַך פון די וועלדער,
צו מחצבות הילכיקן קלאַנג,
צו דיינע צעבליטע פעלדער,
צום פרייעם, חלוצישן געזאַנג!

כ׳בענק צו מיינע העלדישע ברידער,
וואָס זייען דעם זאַמדיקן מדבר,
און פאַלן אויף זיין שוים אַנידער,
פון זון צעברענטע און מידע.

וואָס שטאַרקער דער צאָרן און שאַנד,
דאָס טייערער, ביסטו מיין לאַנד.
כ׳בענק צו דיר, ווי אַ וואַנדערער — צום סוף פון וועג,
ווי צום טויט אַ פאַרמשפּטער—צו דער פרייהייט בענקט.

# אין וואַלדלאַגער שטוטהאָף

הינטער די דראָטן
גרינען די ביימער.
הינטער די דראָטן
פריי איז די וועלט.

כ׳קוק אַרויס פון מיין באַראַק,
וויל וויינען און וויינען,
אַזוי בין איך היינט
צו דער פרייהייט פאַרבענקט.

הינטער די דראָטן שלענגלען זיך וועגן,
איינער פירט אין מיין ווייטער היים.
ווער איך אַ מאָל אין מיין לעבן,
אויף איינעם פון זיי פריי קאָנען גיין?

הינטער די דראָטן פריי פייגל קרייזן,
זיי רוען אין שטילע, וואַרעמע נעסטן.
א פחד... א פחד נעמט מיך צעלייגן —
צי קאָן מיך פון דאַנען דער טויט נאָר אויסלייזן?

## צווישן צוימען

האָבן זיך די לאַגער־צוימען
אַרום מיין האַלדז אַרומגעוויקלט,
אין מיין האַרץ אַריינגעריסן,
צעשטאָכן,
ווי מיט ציינער מיך צעביסן;
ס׳לייב פאַרוווּנדיקט,
אַלע אברים צעריסן.
לאַגער־צוימען, תּפיסה־מויערן,
הונגערשרעק,
און הונגערטויט —
וועט איר אייביק,
אייביק דויערן?

## נאָכן מבול

וואָס איז ערגער
פון אַ הונגערטויט,
פון אַ פראָסט אין אַלע ביינער,
פון זיין אַן אָבל —
אין אַ וועלט פון פרייד
אייביק די נאָנטע צו באַוויינען?

ערגער איז:
די שטילקייט פון פיר ווענט,
די פיין
פון זיין אַליין,
דער זכּרון
ציטערדיק פאַרבענקט
צום שענסטן חלום —
וואָס איז אַוועק,
פאַרלאָרן.

## מיין שבועה, מיין ווידוי

איך בין נישט אַליין,
איר זייט ווייטער מיט מיר.
אין יעדן קער,
אין יעדן באַריר,
אין יעדן אבר
פון מיין לייב
איר זייט ווייטער מיט מיר,
איך בין נישט אַליין.

איר זייט אין דעם ברויט,
וואָס איך צעקיי.
איר זייט אין דער לופט,
וואס איך אָטעם איין.
אין מיין בלוט
איז אייער וויי.
מיין זיין —
איז נאָר אייער געשריי.

איך בין נישט אַליין,
איך בין נישט אַליין!
ווו כ׳זאָל נישט קומען,
ווו כ׳זאָל נישט גיין,
וועל איך מאָנען און רופן
אַזוי לאַנג, אַזוי לאַנג,
ביז מקוים וועט ווערן,
אייער לעצטער פאַרלאַנג...

...ווען איר זייט געגאַנגען
דעם לעצטן וועג,
האט איר מיך באַשוואוירן:

„דו זאָלסט קיין מאָל נישט רוען,
ביז דער לעצטער תּלין
ווערט אויף תּליה אַוועק!" —
דאָס איז מיין שבועה,
דאָס איז מיין ווידוי!

# אין וואָגל

כ׳בין אַליין אין וועלט געבליבן —
ווי אַ כוואַליע אָן אַ ברעג.
ס׳האָט דער שטורעם אַלע פאַרטריבן
אין אַן אומבאַקאַנטן וועג.

גיי איך איבער מאָסקווער גאַסן,
מעסט די לענג און מעסט די ברייט,
כ׳זוך מיין מאַמעס פנים בלאַסן
און פון בענקשאַפט אַלץ טוט וויי.

גייט פאַרביי אַ מענטש, פאַרמאַטערט,
אַייל איך צו אים מיינע טריט,
אפשר איז דער מאַן מיין טאַטע,
דער שטילער, שטאָלצער געטאָ־ייִד?

הוי, באַפרייונג־צער
אין טרערן־גליווער,
די גאָרע וועלט אין פרייד,
און איך צינד ליכט צו שבעה.

# אין סאָוויעטישן שפּיטאָל

ביים ראַנד פון אַלע לייד,
ווען יעדע שעה איז פּיין,
האָבן רויטאַרמייער,
פון אומקום אונדז באַפרייט.

ווי אין חלום פון אַ מאָל,
דעם ליכטיקסטן און בעסטן,
אין אַ וואַרעמען שפּיטאָל,
טראָגן אונדז קראַנקן־שוועסטער.

בעטן ווייסע, ווייסע.
ליבער שמייכל, צאַרטע הענט,
היילן לעבעדיקע מתים,
יעדע ווּנד אין היץ צעברענט.

אַלע לייבער — הויט און ביינער.
אַלע קעפּ — געגאָלטע, גלאַטע.
אויגן קאָנען מער נישט וויינען,
אויסגעטריקנטע און מאַטע.

קראַנקן־שוועסטער — ווייסע טויבן,
מונטערן מיט באַלזאַם־ווערטער:
איר זייט יונג נאָך... איר מוזט גלויבן,
אין אַ לעבן אַ באַשערטן.

די נאַכט פון בייז איז פאַרגאַנגען,
ליכטיק שיינט די זון איצט ווידער,
הערט זיך איין אין די געזאַנגען,
פון אַ פרייער וועלט, פון ליבע.

שווייגן מיידלעך אין די בעטן,
נישט געווען קיין מאַמעס, באָבעס,
נאָר אַ טויטן־לאַגער האָט פאַרקנאָטן,
זיקנה־קנייטשן, טיפע גרודעס.

די פרייע וועלט איז לער געבליבן,
אַלע ליבסטע אָן אַ קבר.
צי קאָנען מלחמה־זיגן
אויפלעבן אַ טויטן אבר?

חדשים, טאָג איין, טאָג אויס,
ביז שפּעט אין דער נאַכט,
אין די קראַנקן־שטובן,
וויליק אַ שוועסטער וואַכט.

טענהט מיט אַ זינגענדיקן ניגון,
נעמט זיך אָן מיט קראַפט אויף ס'ניי,
ווי לאַנג קאָן מען דאָס אין בעטן ליגן?
שוין צייט צו אָן אַרבעט גיין!

יעדע מוז די מי זיך געבן,
אויפשטעלן אַ היים, אַ נעסט...
אָנהייבן אַ נייעם לעבן,
וואָס געווען — פאַרגעסט, פאַרגעסט!

אָפט מאָל ביי אייניקע פון זיי,
שטיל פון אויג טריפט אַ טרער;
אויך זי געבליבן איז אַליין,
אין אַרום — קיין ייִד נישט מער.

## צו מיין מאַמען

האָסט, מיין מאַמע, נישט קיין קבר,
נישט קיין אָרט פאַר שטילער רו,
כ׳זאָל דיר שטעלן אַ מצבה,
באַוויינען און תשובה טאָן.

ערגעץ, צווישן זאַמד און שטיינער,
ביסט געבליבן, מאַמע מיינע.
פון דיין שיינקייט, פון דיין גוטסקייט,
ווייסט נישט קיינער, קיינער.

יעדן מענטש מען דאַרף פאַרשטיין,
געטענהט האָסטו מיט אַ שמייכל.
מ׳דאַרף קאָנען ליבן, מוחל זיין —
די חכמה וווינט נישט אין קאַלטן שׂכל.

היינט פאַרשטיי איך מער שוין גאָרנישט,
נאָך אַלע יאָרן לייד און פיין.
מיין היים איז חרוב און פאַרוויסט
מאַמע, איך קאָן נישט מוחל זיין!

# אויף די חורבות פון לאָדזש

ליגט אויף מיין האַרץ
אַ באַרג מיט אַש
פון אַלע ייִדן פאַרברענטע.

ליגט אויף מיין האַרץ
אַ באַרג מיט אַש —
פון לעבנס — נישט אויסגעלעבטע.

יאָמערט אין מיר
דאָס גרויסע געוויין —
פון ברידער־קבֿרים פאַרשיטע.

יאָמערט אין מיר
דאָס גרויסע געוויין —
פון פאָלק, וואָס אַוועק איז צו שחיטה.

אומעטום
גייט דער חורבן מיט —
וווּ כ'זאָל נישט ווענדן מיין טראָט.

אומעטום
גייט מיר דער חורבן נאָך
אין איעדער שורה פון מיין ליד.

## נאָך דער באַפרייונג

איך וועל די בענקשאַפט וואַרפן אין ים,
איינע אַליין אַוועק אין אַ וואַלד,
צווישן די ביימער זוכן מיין מאַן,
וואס איז נישט יונג און נישט אַלט.

אויך איך בין נישט אַלט און נישט יונג —
ווו זענען די יאָרן געגאַנגען פאַרלאָרן?
אפשר בין איך פון לאַנג שוין געשטאָרבן
און אפשר — נאָך נישט געוואָרן געבוירן.

אזוי רעדט דאָס קאַצעט-מיידל צו זיך,
מיט אויגן אומעטיק-מאַטע:
ווו קאָן מען אַנטלויפן פון אייגענעם איך,
פון פנים געל ווי די לאַטע?

פון חלומות וואָס וואַרגן און שטיקן,
פון געוויין וואָס צאַנקט אין דער לופט —
פון די וואָס זענען צווישן צוימען און בריקן,
געבליבן אין ברודערגרוב.

איך וועל זיך איינקלאַמערן אין די צווייגן,
מיט איינזאַמע, איבעריקע הענט,
דעם סוד פון נסיון-שטיבל אויסשווייגן,
וואָס ווונדיקט אין האַרצן און ברענט

איינאָטעמען די ריחות פֿון בלומען,
אַנטרינקען מיט זייערע קאָלירן,
דאָס שענסטע נעמען ביים הענטל
און ווי מיט אַ קינד זיך אַ לאָז טאָן שפּאַצירן.

ווייל קינדער זענען ווי בלומען,
מיט פֿרייד און וואַרעמען אָטעם,
צו זיי נאָר בענקט איצט מיין נשמה
אין דעם שטילן און וואַלדיקן שאָטן.

# מיט זיך אַליין

איך וועל נישט גיין זוכן אַ הונט
אויפֿן גרויסן יריד פֿון דער שטאָט.
עס וואָלט זיכער געווען אַ זינד,
גראָד אים שענקען פֿון ליבע דאָס וואָרט.

כאָטש דער אין הימל ווייסט עס אַליין,
ער, וואָס קאָן יעדן באַשאַף אויף דער ערד
וויפֿל טריישאַפֿט רוט אין אַ הינטיש געביין,
אין זיין שטומען בליק פֿון אַ קנעכט.

נאָר תּמיד אין אָרום בלייבט אַ וויי,
נאָך יעדן וואָס לענג־אויס דער גאַס,
פֿירט זיך מיט אַ הונט, אַ פֿריינד,
אין ים פֿון מענטשלעכן האַס.

איך וואָלט מיט אַ געזאַנג געבענטשט,
יעדן טאָג וואָס קומט אָן אויף ס'ניי,
ווען פֿון קנאה און רשעות דער מענטש,
וואָלט זיך אויף אייביק באַפֿרייט.

ניין, איך וועל נישט זוכן אַ הונט אין שטאָט,
ווי אויסגעצייכנט ער זאָל נישט זיין,
ווי לאַנג אין מלכות פֿון וואָרט
וועט לייכטן די אייביקע שיין.

## אויף ס׳נײַ

אין טרערן איז אַלץ אָפּגעשווומען —
דער פּחד, דער צאָרן און ווײ.
אין טרערן איז דער נעכטן אַנטרונען,
הײַנט בין איך געבוירן אויף ס׳נײַ.

אין חיפהער האַפן האָט פאַראַנקערט מײַן שיף,
אַ ים מיט ליכט האָט מיך פאַרבלענדט.
בין איך ווידער געוואָרן אַ קינד —
די ערשטע טריט צום לעבן געשטעלט.

## אין ארץ־ישראל

זינג אוים, מיין האַרץ,
דאָס געזאַנג
פון פאַרשטיינערטער ערד,
וואָס האָט איינגעזאַמלט,
דורך אַרבעט און שווערד,
די פאַרטריקנטע גלידער
פון אָפּגעראַטעוועטע
שוועסטער און ברידער —
דורכן אייביקן נס!

וואולקאַניש
ווי באַזאַלטשטיין,
איז דאָס לאַנד פון ישׂראל,
און היינט —
ווי אַ מאָל —
איז יעדעס פאַרגיין —
דער אָנהייב פון זיין.

## די נייע היים

די אַלטע היים,
וווּ כ׳בין געבוירן געוואָרן,
געשטעלט די ערשטע טריט,
איז פאַרוויסט, פאַרלאָרן,
פון קיינעם נישט באַשיצט.

שורות הייזער ווייסע, קליינע,
איבער זאַמדן אָנגעשטעלט,
וועלן ווערן נייע היימען,
אין דעם מדבר: וועלט —
געצעלט.

אין דעם טיפן מדבר-זאַמד
וועט אַ נייע וועלט זיך בויען.
פאַרן ייִד אַן אייגן לאַנד,
אונטער ציונס הימל בלויען —
דויער.

## די לעצטע — די ערשטע ווערן

טעג פון שרעק,
משוגענער אימה,
זענען מיטן נעכטן
אוועק.
די לעצטע ביים ראַנד
פון טויטן־קאַמער
האָבן נישט פאַרווישט
די פייערפלאַמען.

אַ ווייסע טויב
מיט אַ צווייגל פון גלויבן
האָט זיך איבער די וואַסערן
נאָכן מבול דערהויבן,
אָנגעוויזן א וועג:
די לעצטע ביים ראַנד —
צום מדבר־ברעג
פון אייגענעם לאַנד!

טעג זענען געשוווּמען,
ווי שוימיקע כוואַליעס,
צו טיפע אין־סופן.
אויף די גליַיקע דיונעס,
איז נח און רינה
פון דער אַליינקייט אַנטלאָפן,
אין אַ צעלט לעבן הייזער,
אַ היים — אַ מנוחה־דערלייזער.

טעג זענען אין טוי פון באַגינען
ביי שטערן־לאַמטערן אַנטרינען,
געלאָזן די וויסטע דיונעס
מיט גאָלד פון תבואה פאַרשוווּמען.

ליגן טעג פון אַקער און מי
צווישן בייטן און סעדער,
יובלעןביימער מיט פּירות,
פרישע, זאַפטיקע, שווערע.

טראָגן טעג דעם סוד פון כּוח,
פון אַרבעט אין שווייס און חמימה,
אין די אָדערדיקע הענט פון נח,
אין נייעם דור פון רינה.
די לעצטע — די ערשטע ווערן,
צום יסוד פון זיין.
אין גליק פון זאַלציקע טרערן
פילן אָן זיך בעכערס מיט וויין.

זיי באַנעמען און ווייזן,
די לעצטע ביים ראַנד:
אין מדבר־שטויב הייסן
וועט גרינען אַ פעלד, אַ וואַלד;
נאָכן מבול,
ווי זאַמד און שטערן,
אויפן מדבר
וועט אַ פאָלק זיך מערן.

ווער קען עס
דעם נס דערקלערן?
די לעצטע,
די ערשטע ווערן
צום נייען ניגון —
די ערשטע
פרייע ייִדן!

# וויגליד

גרשעלע, מיין יינגעלע,
שלאָף, די נאַכט פאַלט צו.
ס׳לייכט דיין גאָלדן קעפּעלע,
העלער פון דער זון.

פון דיין וויג, דער קליינער,
אין די שמאָלע ווענט,
אַ ליכטיקייט נעמט שיינען
נאָך אַ וועלט, וואָס איז פאַרברענט.

ביי דיין פענצטער גרינט אַ ביימל,
כ׳האָב עס אַליין פאַרפלאַנצט.
וואַקסט און בליט אין איינעם,
פריי אין אייגן לאַנד.

ווי מיין מאַמע פלעגט אַ מאָל,
ביי דער וויג חלומות וועבן,
וויל איך איצטער תּפילה טאָן,
פאַר דיין נייעם לעבן.

כ׳זאָל דיך קענען שיצן,
קעגן שטורעמווינט אין דרויסן,
פון מענטשן־שלעכטס באַשיצן,
ווען ווערן וועסט אַ גרויסער.

ביי דיין בעטל וואַכט מיין פּחד
אין אַ ציטערדיקן ניגון:
זאָל דיין זיסער שלאָף
אויך מיך אין רו פאַרוויגן.

## ווער?

ווער וועט נקמה נעמען
פאַר אומגעבראַכטע
נישט אויסגעלעבטע יאָרן? —
אַ גאָלדיק פעלד מיט קאָרן.

ווער וועט דערמאָנען דאָס ליד
אין אַ קאַלטער הונגערנאַכט
פון לעצטן געטאָ-קינד? —
אַ מאַמע מיט אַן עופהלע אין טראַכט.

ווער וועט אויפלעבן דעם ניגון
פון הייליקע זיידעס און אָבות,
פון אַלע קידוש-השם-ייִדן? —
יעדער שטילער חוזר-בתשובה.

ווער וועט אויפטויכן דעם טרערן-גליווער
ביים אָבל נאָך זיין שטאַם,
אין זיין איינזאַמער שבעה? —
יעדער צאָרנדיקער יזכור-פלאַם.

אין פעלד, אין ניגון, אין קינד,
אין ביימערס בלעטער-גערוישן,
גייט-אויף אויף ס'ניי און געבערט
דער חלום פון דורות קדושים.

## ביים ים

וואָס לויפן די כוואַליעס מיט רעש ? —
אַ שוימיקע באַרגיקע מויער,
מיט שנייִיקן זילבער באַדעקט,
אין כּעס, אומרו און טרויער.

צי זוכן זיי אַ מנוחה־ברעג ?
אין ווייטן בלוי פון אין־סוף ?
פון ימיקן געלויף און געיעג —
אַנטרינען אין אייביקן שלאָף ?

ס׳מוז ערגעץ זיין אַזאַ אָרט,
וואָס שטילט, באַרויקט און טרייסט,
קיין שלעכטס און קיין גוטס נישט דערוואַרט,
נאָר אַלץ אין פאַרגעסונג דערלייזט.

נעמט, כוואַליעס מיך צו מיט זיך,
הילט־איין אין אַ שוימיקן שניי.
שטילט ס׳בלוט וואָס פרירט און זידט,
מיט חורבן, קרבן און וויי.

## יונגער וואַלד

צווישן כּרמל-פעלדזן,
איבער הויפנס שטיינער,
דורך די געלע זאַמדן
שפּראָצן יונגע ביימער.

אין די שכונות קליינע,
אויף דער לענג פון וועגן,
אַ מויער גרינע ביימער
באַוואַכט דאָס נייע לעבן.

אַלץ העכער און אַלץ ברייטער,
צעשפּרייטן זיך די צווייגן,
דעם מדבר אַ באַפרייטן —
אין שאָטנס צו באַקליידן.

אַרום די נייע הייזער,
דעם נייעם דור צעבליטן,
די ביימער, ווי דערלייזער,
באַשיצן און באַהיטן,

און שפּרייטן זיך אַלץ ווייטער,
איבער פעלדז און זאַמד.
ביז אין אַ גרינעם מאַנטל
זיי הילן איין דאָס לאַנד.

## ערשט נעכטן איז ער געקומען

ערשט נעכטן איז ער געקומען,
אויפֿן לייב — אָן איינציק העמד.
אויפֿן האַרץ אַ באַרג מיט אַש,
פֿון זיין היים וואָס איז חרוב, פֿאַרברענט.

ערשט נעכטן איז ער געקומען,
מיט אַ פּחד אָן גרענעץ, אָן ברעג,
ווי דער לעצטער בלאַט פֿון אַ בוים,
וואָס איז מיטן שטורעם אַוועק.

און דאָ איז דער װוּנדער געשען:
דער בלאַט האָט גענומען זיך מערן,
צעבליט זיך מיט נייעם שטאַם —
און ווידער אַ בוים וועט דאָ ווערן.

און דאָ איז דער װוּנדער געשען:
אין אָרעמע, אייגענע ווענט,
וואַרט אים אַ היימישער מאָלצייט —
געגרייט פֿון צאַרטע פֿרויען־הענט.

און קינדער, ווי בלומען מיט חן,
אים וואַרטן מיט בענקשאַפֿט אין בליק,
און ווידער אָטעמט זיין היים —
מיט פֿרוי, מיט קינד און מיט גליק.

ערשט נעכטן איז ער געקומען...

## אין דערוואַרטונג

הענגען אויגן אויף דער טיר —
אויסגעגלאָצט און אויסגעוויינט:
וואָלט געקומען כאָטש אַ בריוו,
פון שוש און פון גבי היינט.

איבער וואָלקנס ווייטע הייכן,
איז איר יִנגל היינט אַ רייטער,
און איר טעכטערל דערגרייכן,
איז איר שווער אויף פעלדער ווייטע.

ווערט דאָס לעבן איר אַנטרונען
צווישן הייכן, צווישן טאָלן.
איז דער קיבוץ אַזאַ ברונעם,
ווו אַ מיידל ווערט פאַרפאַלן?

אויך די ליכטלעך טריפן טרערן,
ביי דעם שבת-טיש דעם לערן.
וואָלט כאָטש גבי אין זיין פלי,
צוגעפאַלן צו דער טיר...

אויגן ווערן אויסגעלאָשן,
אַלע טרערן אויסגעגאָסן.
לאַנגע וואָכן אָפּגעשוווּמען,
און פון שוש קיין וואָרט געקומען.

הענגט אויף טיר אַ שטומער בליק,
די דערוואַרטונג האָפּט און וואַכט,
אַז אויף טרעפ די ליבסטע טריט
וועלן אויפוועקן די נאַכט.

## פאַרשוווּנדענע

פאַראַן אַן אייביק געזעץ
פון געבערן און אַרבן:
אַז טאַטע־מאַמע —
זאָלן פריער שטאַרבן.

קינדער זאָלן בלייבן אַבלים
מיט געבויגענע קעפּ,
ביי אָפענע קברים —
פאַרשטיינערט אין וויי.

ווער האָט דעם סדר צערודערט?
אַז ס׳פאַלן זין — יונגע ביימער,
אויף ליידיקע גרודעס,
אויף באַרגיקע שטיינער,

אין ימיקע תהומען,
און ס׳ווייסן נישט טאַטעס,
ווו ס׳געביין פון זייערע זין
איז אַהינגעקומען.

— וויי, וויי
איז צו זיי,
וואָס די וועלט איז געוואָר אַ קבר;
די איינציקע זכיה און גליק —
צופאַלן צום שטיין פון מצבה,
זי צירן אין גרין און אין בלומען,
און אין שוואַרץ־גאָלדענעם אות
געפינען פון קינד דעם נאָמען.

## ישׂראל-מאַמעס

דער פּחד פון נעכטן,
פון טעג אימהדיק שוואַרץ —
מיטן פּחד פאַרן מאָרגן
זויגן ס׳בלוט פון איר האַרץ.

איר אָפּגעהיט, איינציק פאַרמעג,
אויף שטאָלענע פליגלען, אין הייכן.
צי וועט איר ציטעריק געבעט
אים צווישן וואָלקנס דערגרייכן?

דער הימל איז אַ שׂונא געוואָרן,
ס׳גיהנום שפּייט אוים אויף דער ערד,
צי האָב איך אים אויף שטאַרבן געבוירן? —
בלוטיקט אין אויגן אַ טרער.

דער טאָג שאַרט זיך דורך שויבן אין בלוי,
און פינקלט מיט גאָלד אויף די ווענט.
איר קאָפּ צעשויבערט און גרוי,
ס׳לייב אי גליווערט, אי ברענט.

איר אָפּגעהיט, איינציק פאַרמעג,
אויף שטאָלענע פליגלען אין הייכן.
צי וועט איר איינזאַם געבעט,
אים צווישן וואָלקנס דערגרייכן?

## פֿאַרן שטורעם . . .

גאָט!
וואָס פֿאַרא יריד
איז היינט אויף דיין הימל?
איבער מיין קאָפּ
רייטן טויט-וועגענער,
און איך
גיי אַראָפּ פון זינען,
קאָן מיין וועג
אויף דער ערד נישט געפינען.

גאָט!
וואָס פֿאַרא געבראַזג,
ליאַרם און געשאַל,
טראָגט זיך פון די וואָלקנס
איבערן חלל? —
דער ווינט
קלאָגט
זיין נע-ונד-ליד,
פון זיין און נישט-זיין...

## ירושלים נאָכן נצחון

איינציקע שטאָט, ירושלים,
שיינסט אין נצחון-קרוין,
פון דיין העלדישן חיל,
אין וואָר פון אייביק טרוים.

נאָך יאָרן שאַנד און טרויער,
נע-ונד'ן פּיין,
כ'בין צוגעפאַלן צו דיין מויער,
מיט א יום-טובדיקער פרייד.

נאָר ווערטער זענען שטומע,
אַלע בלוטן קאָכן, זידן,
כ'האָב פון אַש מיטגענומען,
ס'געוויין פון אַלע געטאָ-ייִדן.

פון מיינע ליבסטע, טאַטע-מאַמען,
פון די נסתּרים, פרומע זיידעס,
וואָס זענען אומגעקומען,
אין גאַז-קאַמערס-עקדות.

אַ ווידערקול פון יער קדושים, ווייטן —
טראָגט זיך צו דער וואַנט, פון דורותדיקן יחוס:
...אין אַלע גרוילן... אַלע צייטן...
מיר האָבן אָפּגעהיט אונדזער שליחות...

ס'לעצטע וואָרט איז געוועזן „שמע"...
דערשלאָגן זיך צו ישׂראל...
גרוים ביסט היינט, ירושלים —
ווי אין דיין מלכות פון אַמאָל...

*

אין אַרום אַ שמחה שטראַלט,
איבער וועגן און הייזער,
טראָגט זיך אַ שופר־שאַל,
פון דיינע דערלייזער!

צו דער כּותל, דער באַפרייטער
ציען מחנות אין אין־סוף,
אַלע לעבעדיקע, טויטע,
זענען ווידער ווי איין גוף!

ביי דיין וואַנט כ׳שטיי באַנומען,
נעם אַרום די אַלטע שטיינער,
אַלע ווערטער שטיקן, שטומען,
ווען די קעמפּער זינגען... וויינען...

איינציקע שטאָט, פון אייביקן גאָט,
דורות האָבן אויסגעחלומט, אויסגעבעטן,
דו זאָלסט אין אַ ים פון פרייד,
אויפשטיין צו אַ נייעם לעבן.

אין די גלותדיקע תּחינות,
איבער לענדער, ווייטע ימען
האָסט געפּישופּט מיט דיין שכינה,
וווּ איז נאָר אַ ייִד פאַראַנען.

איצטער שטייט די כּותל־מויער,
פון געטריישאַפט און בטחון,
אונטער דיינע הימלען בלויע,
אין דער גלאָריע פון נצחון!

אויסגעוווייקט אין תּפילות־טרערן,
אָטעמסט מיט נביאימס חלום,
זאָל די גאַנצע וועלט דערהערן,
דיין אָנזאָג פון שופר־שלום!

ירושלים — דיין זאַמד און שטיין,
וועט אויסשטראַלן מיט באַנייונג!
אייביק ווי די זונען־שיין,
איז דיין זיין און דיין באַפרייונג.

# מיין דאַנק־געבעט

נאָר יאָרן פּיין און טרויער,
אימה פאַרן אונטערגאַנג
איז אַ טרייסט דער הימל בלויער
אין מיין אייגן לאַנד.

מיין האַרץ איז פול מיט דאַנק,
פאַר די ליכט פון אַלע טעג.
פאַר יעדן נייעם שפּראָץ,
אין וויסטן פעלד און וועג.

מיין האַרץ איז פול מיט דאַנק,
פאר די ביימער יונג-צעגרינטע —
פול מיט פייגל-שווישטש
צווישן פירות פריש-צעבליטע.

מיין האַרץ איז פול מיט דאַנק,
פאַר יעדן נייעם פלאַם,
וואָס שיינט פון אַ וויטן הויז —
צווישן באַרג און ים.

יעדעס פעלד אין אַקער
זינגט מיר פון ברויט און זעט.
פאַר שטילע אַרבעטס-פרייד —
טראָג איך מיין דאַנק-געבעט.

## אין געווער־געיעג

יעדן טאָג, יעדע נאַכט
גרייטן טויטפאַבריקן
די אייביקע שלאַכט
קעגן מיר,
קעגן דיר,
קעגן אייך !

יאָגן הענט פון מיליאָנען,
פאַרברענען מיליאָנען,
אויף נייע סילאָנען,
אויף נייע פאַנטאָמען !

ציט זיך און וואַקסט
די בלוטיקע אַקס :
אַ וועלט־מסחר
פון קערן־געווער,
אין שגעון געטריבן
פון קנעכטישע הענט,
וואָס גרייטן דאָס ברויט
צום אייגענעם טויט
געווענדט.

איבער דער לענג פון ערד,
צום הימלראַנד, —
פון נייעסטן געווער
וואַקסט אַ מאָנסטערבאַרג
אין טויטפאַבריקן
קעגן מיר,
קעגן דיר,
קעגן אייך !

ווער וועט קומען
פאַרהאַלטן
פון תוהו ובוהו
ס'גיהנומדיק ראָד,
וואָס טרייבט
און יאָגט
צום אומקום,
צום סוף?

אין פייער
און בראַנד —
יעדע שטאָט,
יעדעם לאַנד,
ביי טאָג
און ביי נאַכט
אין טויטפאַבריקן
פון אייביקן שלאַכט.
קעגן מיר,
קעגן דיר,
קעגן אייך!

## שׂרה

אַברהמס געצעלטן האָט אַרומגענומען די נאַכט —
אַ גאָלדיק־בלויע, פאַרכישופטע שטילע,
נאָר שׂרהס אויג און האַרץ זענען וואַך,
אַ בעכער מיט טרערן — איר תּפילה.

הער אויס, מיין האַר, אַברהמס ווייב:
דו, וואָס פּרוכפּערסט דעם אָקס און דאָס רינד —
אַ פאַרטריקנטער בוים איז מיין לייב,
אין מיין געצעלט איז פינצטער אָן אַ קינד!

וואָס בין איך? — נישט מער ווי אַ שטויב אין דיין נאַכט.
צי אויס דיין גנאָד אויף די טעג פון מיין פּיין
און זע, ווי פאַרשעמט ס'איז מיין טראַכט!
האָט זיך צו הימלען געטראָגן שׂרהס געוויין —

אַברהם זאָל נישט פאַרגיין אָן אַ שטאַם,
זיין מי זאָלן נישט צעטראָגן די קנעכט,
זיין נאָמען זאָל אויפגיין, ווי אַ ליכטיקער פלאַם —
האָט שׂרה געבעטן אין שלאָפלאָזע נעכט.

# זקנים

זיי זיצן אויף די בענק און שווייגן
לאַנגע אָנסופיקע טעג.
זייערע קינדער זענען ווי פייגל
אַוועק אין אייגענעם נעסט.

זיי קוקן אויף דיביימער צעגרינטע.
איינגעהערט אין אַ פריידיק געזאַנג,
און טראַכטן פון ליידיקע היימען —
איינזאַם, אומעטיק און באַנג.

## דער בעטלער פון ראָג

צי וועט אַ מאָל קומען אַ טאָג,
ווען אין ליכט פון זוניקן שיין,
געשטילט וועט ווערן אין ראָג
דאָס הילפלאָזע בעטלער־געוויין ?

פון וואַנען קומען זיי אָן
אין אלע שטעט פון דער וועלט ?
ווער פירט זיי צוריק אין תהום —
ווען די זון ווערט פון בושה פאַרברענט ?

קייטלען זיך יאָרן אין דורות נייע,
שווימט דער ים פון ברעג צו זיין סוף —
ווער וועט קומען באַפרייען
דעם אייביקן בעטלער פון ראָג ?

# צווישן כרמל און ים

קום, מיין טייערער,
גיב מיר דיין האַנט!
מירן אַוועק שפּאַנען,
איבער דער טרעפּנשטאָט
ביזן כּרמל־לאַנד,
קלעטערן ווייטער און העכער
איבער ביימער־קרוינען
און אַראָפּלאָכן צו די דעכער
ווו אַלע היפּהער ווינען —
ביזן שפּיגל פון ים.

מיר, די ניי־געקומענע
פון אַלע פּיינען,
אין צער און טרויער —
וועלן די יידן
ווייסע און ברוינע,
פון דער גאָרער וועלט,
אַרומנעמען
מיט אַ ליבשאַפט אַ בלויער
אין דער נייער היים
פון אליהו הנביאס געצעלט.

און איינאָטעמען דעם כּישוף
פון זיין באַרגיקן שטיין
אין ווייטן אַרום,
וואָס וואַרט
דור אוים — דור איין,
פאַרלאָזן און שטום.

זיין פעלדזיק געביין
זאָל אויפגיין צום לעבן
אין אַ ליכטיקער היים
פאַר יעדן וואָס וואָגלט
נאָכן מבול אַליין.

מירן שטייגן,
צו די אייביקע הייכן,
נאָענט צו גאָט,
שווערן
און האַלטן ס׳וואָרט:
לעשן אַלע פייערן
וואָס ווילן צעשטערן
די כּרמלשע פּראַכט —
די פעסטונג פון ים
פאַרכאַפּן אין שלאַכט.

און תּפילה טאָן:
זאָל קיין נויט נישט דריקן
אויף קיין הויז, קיין קינד;
זאָל די מידה פון רחמים
אָפּווישן יעדע זינד
און בענטשן דעם נס
פון אייביקן פּלאַס
וואָס טראָגט זיך
פון גרינעם באַרג
צום זילבער פון ים.

## אַרום די בערג פון יהודה

די שיינקייט האָט נישט קיין ווערטער,
אַפילו דעם מינדסטן קלאַנג.
ווי קאָנסטו באַזינגען דעם רוים,
ווי קאָנסטו באַצייכענען די פאַרב,
וואָס פּישופּט מיט גאָלד, גרין און בלוי
און ליגט אויף די בערג פון יהודה
אין אייביקן טרוים?

די שיינקייט קאָנסטו נאָר אין שווייגן
איינאָטעמען,
ווי ס׳לעבן.
די שיינקייט קאָנסטו מיטנעמען
אויף אַלע וועגן.

## דאָס ליד פון אייביקן זיין

איז וואָס
אַז אַ מאָל
וועסטו ווערן
אַ גראָז
צי אַ בלום —
און די שיינקייט
פון גאַנצן אַרום
וועט בלייבן
אויף אייביק שטום ?

איז וואָס
אַז דער נעכטן
מיטן היינט
וועלן אַ מאָל
צוזאַמען פאַרגיין ?

סיי ווי וועט ס'געזאַנג פון דיין בלוט
אויפן ערדישן וועג
בלייבן אין זוניקן גלוט,
אין דער שטילקייט פון בערג ;
אין די שטיינער אויף די וועגן —
וועסטו אָטעמען און לעבן.

איינגעוועבט
אין אייביקן זיין —
דו וועסט נישט פאַרגיין,
נישט פאַרגיין.

# דער לעצטער צוג

אַ דור צום אומקום איז אַוועק.
אַ המשך־דור האָט ס׳לאַנד געבוירן;
דער רעדער־טראַסק פון לעצטן צוג
וועט מיר אייביק רוישן אין די אויערן.

אַ צוג מיט טויזנט קעפּ,
פאַררינגלט און פאַרקלאַפּט,
אין אומבאַקאַנטן וועג
געשניטן האָט די נאַכט.

אַ צוג מיט טויזנט קעפּ,
אין אימפּעט און געלאַף,
איין גוף געליימט אין שרעק,
געשלעפּט האָט אים צום סוף.

דערשטיקטע באַגערן,
אַנטוישטע פאַרלאַנגען,
פאַרגליווערטע טרערן
פון פרייהייט־געזאַנגען.

דער לעצטער צוג אַוועק,
די געטאָס לער צעטריבן,
טויזנט יאָר ייִדיש לעבן,
אָן קבר־שטיין געבליבן.

טויזנט יאָר ייִדיש לעבן —
אַ בוים מיט וווּנדער־צווייגן,
פאַראַשט אויף אַלע וועגן,
פאַרשטומט אין אייביק שווייגן.

נישטאָ ווער ס׳זאָל טרייסטן,
נישטאָ ווער צו באַוויינען.
זאָל דער לעצטער קריעה רייסן,
פון אַלטן שטאָם נאָר איינער.

## דער זיידע

אין אַ נאַכט אַ קאַלטער, אַ טריבער,
ביים האַרטן, נאַקעטן טיש,
איז דער זיידע פאַרפּישופּט געבליבן
ביים ספר פון אייביקן ליכט.

צאַנקט אַ קנייטל אין אַ בעכערל אייל,
רוט ס'ווייב מיט די קינדער אין בעט;
און ער — אין גאולה־בענקשאַפט
פיבערט אין פלאַם פון געבעט.

דעם גלות האט ער געירשנט
פון טאַטן צוזאַם מיטן דלות.
אויך אים האָט דאָס לעבן געעקט זיך
מיט אַ נויט־פּעטליע אַרום דעם האַלדז.

אוי, אוי, דער גוף איז נאָר אַ חומר! —
פלעגט ער ציען אַ ניגון פאַראומעט —
מען טאָר נישט ביים ספר פאַרגעסן:
ווי נאָר דער מאָרגן וועט קומען,
וועט יעדער אין שטוב וועלן עסן.

און דער זיידע האָט זיך פאַרזינדיקט,
פאַרגעסן ביים ספר פון חומר —
איז די שטוב אָן פּזית געבליבן,
מיט די ליידיקע טעפּ אויפן קוימען.

ער האָט קיין מאָל נישט באַנומען,
די שׂנאה פון וועלט און מענטש;
ער וואָלט יעדן אַרומגענומען
און מיט ליבשאַפט געבענטשט.

אַזוי דור־אויס, דור־איין,
ביים ספר פּאַרטיפט, איינגעבויגן,
האָט אַ זיידע פון אייביקן קוואַל
זיין קראַפט און חיונה געצויגן.

אין לעצטן אָטעמצי צו הימל־קלעטער,
ענגסטיק באַשווּוירן די קינדער:
איר זאָלט וויכן פון פרעמדע געטער,
אַ ייִד מוז גלויבן אין ווּנדער!

היינט האָט דער זיידע קיין קבר,
דער ווינט האָט זיין אַש צעשפּרייט.
זיין גוף איז געבליבן אין ספר —
מיט אותיות אַרומגעקרייזט.

## זאָגט דער דיכטער

ס׳איז גוט אַ מאָל
זיין ברוגז מיט דער וועלט,
זאָגן אָפן און קלאָר:
דאָ —
נישט אַלץ מיר געפעלט!

ס׳איז גוט אַ מאָל
קומען מיט ווערטער
שאַרף און ביטער,
וואס ברִיען, ווי אַ בליץ,
נעמען אַרום מיט ציטער.

און זיי —
דער חונף
מיטן פּחדן —
וואָס ווילן מאַכן דאַן?
מיט אַ ליבן שמייכל
ווייטער גיין אין שפּאַן...

# דער נס

שטייניקע טרעפּ,
האָבן אויסגעקלאַפּט
דאָס ליד פון נס,
ווען באַשטיוולטע פיס
האָבן אימפּעדיק געיאָגט,
צו דער היימישער טיר.

איבער ווענט, פאַרשטיינערט-שטומע,
האָט אַ געוויין מיט אַ געלעכטער
זיך קאָלערן גענומען,
פון טאַטע-מאַמע און שוועסטער —
פון אין-סופיקע לייד
צו שטראַליקער פרייד.

הענט
פאַרבענקט
איינגעקלאַמערט
די יינגלשע אָרעמס,
דאָס אויסגעטריקנטע פּנים,
מיט מדבר-זאַמד
באַדעקטע האָר —
און בענטשט דעם נס,
וואָס געוואָרן איז וואָר.

## מען דאַרף נישט אָפּשטיין אין וועג

(באַלאַדע פון אַ קאַצעט־פרוי)

„מען דאַרף נישט אָפּשטיין אין וועג״ —
זאָגט די פרוי מיטן שטעקן אין האַנט.
איר גוף איז געבראָכן אין צוויי,
נאָר אַרום גרינט יעדער באַרג
איז זוניקן שיין.
שפּאַנט זי איבער טעפּעך פון וואַלד
מיט דער פרייד:
„אויך איך קאָן נאָך גיין״!

די צעבליטע ביימערצווייגן
אַ וואַרעם ווינטל גלעט.
זייערע שלאַנקע הענט זיך הייבן
ווי אַ מאָל —
די מיידלעך פון איר באַלעט:

די בלומען אויף די געטאָקטע פיס,
אין אַ פאַרביקער בלעטערקרויז,
וויגן זיך פאָרויס און צוריק,
ווי טענצערינס אין טיולן און בלוי,
פאַרכּישופטע אין מוזיק.

הוי, דער טאַנץ איז געווען איר לעבן,
ווען גופימלעך רינגלען זי אום,
אויף איר צייכן נעמען לייכט שוועבן,
ריטמיש, האַרמאָניש און שטום.

זי האָט געגאַרט פון תּמיד,
לערנען דעם ריכטיקן גאַנג;
יעדן באַפרייען פון אומעט
דורך טאַנץ און געזאַנג.

ווי אָזוי איז די וועלט אַראָפּ פון וועג?
די מענטשן — אַראָפּ פון זינען?
ווער האָט זי אין אַ לאַגער פאַרשלעפּט,
אין אַ תּהום פון פינצטערער שׂנאה?

איז עס אויף אַן אמת געשען,
אַז אַ קאַפּאָ, צעהיצט און באַזאָפן,
האָט מיט אַ רוט — א גומעשלאַנג —
איר רוקן אין צווייען געבראָכן,
בעת זי האָט אין מיסטבאַרג
לעבן קיך
געזוכט אַ קאַרטאָפל?

אויסגעלאָשן, פאַריאושט, פאַרפּיינט,
איז זי אויף דער ערד געבליבן.
— קום! — איך וועל ווערן דיין פריינד,
האָט אַ שטעקן א וווּנק איר געגעבן.

גערעדט צו איר מיט זיין לשון,
האַרט, פאַרעקשנט און שווער:
— ווען אַפילו מען איז געבראָכן —
דאַרף מען נישט לאָזן קיין טרער.

שטיי אויף, איך וועל דיך פירן,
נאָכגעבן יעדן פאַרלאַנג.
אויך איך בין פון אַ בוים נאָר געבליבן,
מען דאַרף נישט אָפּשטיין אין גאַנג! —

די וועלט ווי געווען — איז געבליבן
און זי מיטן שטעקן אין האַנט,
האָט זיך צום כּרמל-באַרג דערקליבן,
אין באַפרייטן, ייִדישן לאַנד.

פון וווּנדער־כּוס טרינקט זי
מיט דורשטיקע שלוקן
און גלויבט:
— אויך היינט קאָנען נסים געשען
און מיין געבראָכענער רוקן
קאָן ווערן גלייך ווי געווען.

כ׳מוז נאָר שטאַרקן דעם ווילן,
אַרומקרייזן
לענג־אויס אַלע טעג
אייביק,
— ווי עס דרייען זיך מילן —
— מען דאַרף נישט אָפּשטיין אין וועג

— מען דאַרף נישט אָפּשטיין אין וועג
רעדט זי צו זיך און צום שטעקן.
די בליונג פון כּרמל־באַרג
וועט תּמיד צום לעבן מיך וועקן!

## גוט איז דעם כּרמל־באַרג

גוט איז דעם כּרמל־באַרג,
אים קאָן קיינער פאַרטרייבן.
צוגעשמידט צו דער ערד —
אויף זיין אָרט וועט ער בלייבן.

גוט איז דעם כּרמל־באַרג,
זיין האַרץ איז פון שטיין.
מעכטיקער, שטאַרקער,
פון גליק און פון פּיין.

זיין פעלדזיקער גוף,
קאָן קיין ציטער נישט טאָן.
קיין גלייַקער רוף,
נישט צעשטערן זיין רו..

גוט איז דעם כּרמל־באַרג.
צווישן הימל און ערד,
אין בלוי און אין גרין,
איז זיין דויער באַשערט.

# בלומען פון ישׂראל

בלומען פון ישׂראל
פירט אַ הימלוועג,
פון די געלע זאַמדן
אין דער פרייער וועלט.

רויזן און גלאַדיאָלן,
נעלקן, כריזאַנטעמען —
ווער קאָן די פאַרבן מאָלן,
געדענקען אַלע נעמען

פון בלומען, וואָס אַ כּישוף
פון אַרבעט, מי און שוויים —
האָט די זומפּן פונעם ישוב
צו בליונג אויסגעלייזט?

אין אַ וועלט ווו שׂנאה
האָט דורות אונדז געשטיקט,
טויזנט וווּנדערבלומען
ישׂראל האָט געשיקט!

ציט פון שטאָל אַ פויגל
דורך די בלויע הייכן,
פירט אַ נייעם גלויבן
איבער ימען, טייכן:

אַז שׂנאה מוז פאַרוועלקן
און בלומען אייביק בליען —
אַ בלומענגרוס צו פעלקער,
זיך טראָגט פון הרי-ציון!

# צום חייל־אינוואַליד

טייערער קעמפער,
פון באַפרייטן לאַנד,
אין אַ וועגעלע
פיר רעדער —
פירסטו דו זיך אַליין.

טראַכסט נישט פון פייערבראַנד,
וואָס האָט פאַרצוקט דיין קראַפט,
נישט פון דער קויל,
וואָס האָט דיין גוף צעריסן.

היינט,
ווי אַ מאָל —
ביסט גרייט,
דאָס לעצטע בלוט פאַרגיסן,
פאַרן ישׂראל־לאַנד.

אין גאָלד פון דיין שויבער,
אומעטיק דער זילבער גרויט,
פון יינגלשן צויבער,
אַ זקן קוקט אַרויס.

האָסט געליבט דעם הימלבלוי,
די באַרגשפּיצן,
דעם ים, דעם טאָל,
וואַנדערן
פון ראַנד צו ראַנד
איבערן גאַנצן לאַנד.

היינט —
אין אַ וועגעלע
פיר רעדער,
פירסט דו זיך אַליין;
זייטיק, שטיל, פאָרויס.
און ווייסט נישט צומאָל,
ווי גרויס דו ביסט,
ווי גרויס...

## 30 יאָר מדינת ישׂראל

דאָ אַ בנין, דאָרט אַ בנין,
קום באַשרייבן און באַזינגען,
ווי דער ערשטער ייִדן־מנין —
ביימער האָט געפּלאַנצט אין מדבר.

דאָ אַ בנין, דאָרט אַ וועג,
פון די בערג, אַראָפּ צום טאָל,
ווי ס'האָט געזאַנג מיט אַרבעטברען,
געטריקנט זומפּן פון אַמאָל.

דאָ אַ בנין, דאָרט אַ פּרדס
גאָלד־צעפלאַמטע ביימער־קרוינען.
די ראשונים — צום יובל־נס,
מיט בליונג און מיט פּרי באַלוינען.

דאָ אַ בנין, דאָרט פאַבריקן,
טויזנט רעדער זיך באַוועגן,
אין דער ווייטער וועלט צו שיקן,
רייפע פּרוכט פון נייעם לעבן!

דאָ אַ בנין, דאָרט צעשפּילטע
ווייסע, שווארצע, ברוינע קינדער.
יעדן שפּאַן וועלן באַהיטן,
מאָרגן — העלדן, מאָרגן — ווונדער.

דאָ אַ בנין שפּרייט די אָרעמס,
רחבותדיק און גרייט באַדינען,
יעדן ניצול פון אַ שטורעם,
אין אָבות־לאַנד אַ היים געפינען.

בנין הארץ — טרייע מאַמע,
גוטע ערד מיט זוים פון דויער,
דיינע קינדער וועסט איינזאַמלען,
אונטער הימל אייביק בלויעם.

# לאָזט אונז לעבן!

כ׳קום
נישט מיט אַ תּפילה.
מיט ווערטער
ציטערדיקע, שטילע —
נאָר מיט אַ צאָרן־אויסגעשריי
צו דער וועלט,
וואָס איז זאַט און פריי —
לאָזט אונז לעבן!

דורות זענען אַנגעגאַנגען,
ביי די אינקוויזיציע־קלאַנגען.
אַמאָל שוואַרצע,
דערנאָך ברוינע,
רויטע,
הפקר!
אומגעבראַכט מיט אַלע טויטן,
יעדן מאַן, פרוי און קינד,
אָן אַ שוץ —
אין בראַנד און פּיין.
קום איך מיטן אומקום־וויי,
צו דער וועלט,
וואָס איז זאַט און פריי —
אין אַ מורא־אויסגעשריי:
לאָזט אונז לעבן!

קליין און שמאָל איז אונדזער לאַנד.
נאָר אַ פּאַסיקל מיט ליכט,
פון ראַנד צו ראַנד —

אויפֿן פֿעלד אין ערשטן שניט,
אויפֿן גאָרטן יונג צעבליט,
אויף די ערשטע טריט פֿון קינד —
נאָכן לעצטן,
וואָס אין וואָגל,
איז דערגאַנגען צו זיין ברעג —
אָנצוהייבן דאָ אויף ס'ניי
אין אויסגעבענקטן לאַנד.

דער מדבר —
וועט דעם דורשט אונדז שטילן.
די זאַמדן —
מיט שפע צעבליען.
אין זוניקן גלי און פֿלאַקער,
איבער בערג און שטיינער,
וועלן הענט שניידן מיט אַקער,
די ערד פֿאַר גרינע פֿליינען.

לויערט אין אַרום דער פֿיינד.
גרייט דעם אומקום יעדע שעה,
צו פֿאַרוויסטן און אָפּמעקן,
יעדעס דאָרף און יעדע שטאָט!
קום איך צו דער וועלט,
וואָס איז זאַט און פֿריי
מיט אַ פּחד-אויסגעשריי:

שפּייזט דעם שונא
נישט מיט וואָפֿן!
לאָזט אונדז לעבן!
לאָזט אונדז שאַפֿן.

# אינהאַלט

## געטאָ־לאָדזש



## אין קאָנצענטראַציע־לאַגער



## באַפרייונג

## ארץ־ישׂראל־לידער

**פון זעלבן מחבר**

פון לאַגער אין לאַגער
פאַרלאַג „דאָס פּוילישע יידנטום"
בוענאָס־איירעס 1950 — פאַרלאַג „חיפה"

✶

נשים מאחורי הגדר (עברית)
פאַרלאַג י. ל. פרץ, תל־אביב, 1961

✶

בידיים נאמנות (עברית)
פאַרלאַג „חיפה" 1964

✶

אין זיכערע הענט
פאַרלאַג „חיפה" 1965

✶

אלף פעם למה (עברית יונה שחר־לוי)
פאַרלאַג „גשר לנוער", ירושלים 1971

✶

טויזנט מאָל פאַרוואָס
חיפה 1971

✶

חיימקה (עברית יוסף אחאי)
פאַרלאַג מ. נוימאַן, תל־אביב 1975
(דערשינען מיט דער הילף פון קרן ת"א
לספרות ואמנות)
באקומען דעם פרייז פון עירית חיפה
א"נ ד. פינסקי)

✶

בין כרמל וים (עברית יוסף אחאי)
פאַרלאַג „אליין" 1976

✶

צווישן כרמל און ים
פאַרלאַג „אליין" 1975